# צווייַ שיפֿל־נסיעות
# און
# איין באַרג־נסיעה
## דרייַ נסים

פֿון

*דרום*
סער ערנעסט שעקלטאָן

*South*
Sir Ernest Shackleton

איבערגעזעצט פֿון
בעריש גאָלדשטיין



1 דער *דזשעמז קיירד* אויפֿן ים

# אינהאַלט

# אילוסטראַציעס

# אַ וואָרט פֿריִער

שטעלט זיך פֿאָר אַז איר האָט פֿאַרבראַכט די פֿאַרגאַנגענע פֿופֿצן חדשים ווי אײַנגעזעצטע אין אַ תּפֿיסה פֿון אײַז – צען חדשים[1] אויף אײַער שיף, אײַנגעפֿרוירן אינעם אײַז פֿונעם וועדעל־ים[2], און דערנאָך, ווען די שיף איז צעשטערט געוואָרן דורכן אײַז־דרוק, פֿיר מיט אַ האַלב חדשים[3] אין געצעלטן אויפֿן אײַז.

אַזוי איז געווען דער מצבֿ מיט די לײַט פֿון דער עקספּעדיציע אָנגעפֿירט פֿון סער ערנעסט שעקלטאָן, וואָס איר ציל איז געהאַט געווען דאָס דורכגיין איבערן גאַנצן אַנטאַרקטיק, פֿונעם וועדעל־ים, אויף דרום פֿון דרום־אַמעריקע, איבערן דרום־פּאָלוס, ביז צום ראָס־ים[4], אויף דער זײַט פֿון ניו־זילאַנד, אַ מהלך פֿון אַ מײַל אַכצן הונדערט. ס'איז זיי ניט גוט געגאַנגען. די מעשׂה (אפֿשר איז זי אײַך שוין באַקאַנט) איז אַזוי ....




2 קאַרטע

[1] פֿון I/18/1915 ביז XI/21/1915 – זומער / האַרבסט / ווינטער / פֿרילינג

[2] Weddell Sea

[3] ביז IV/9/1916 – פֿרילינג / זומער / האַרבסט

[4] Ross Sea

זיי האָבן אָפּגעשיפֿט פֿון ענגלאַנד דעם 8טן אויגוסט, 1914, און דעם 5טן דעצעמבער, 1914, פֿון דרום־דזשאָרדזשע[5] אין דער שיף *אויסהאַלט*[6], מיטן בעל־הבית סער ערנעסט שעקלטאָן און דעם קאַפּיטאַן פֿראַנק וואָרסלי[7]. זיי האָבן בדעה צו געפֿינען אַ האַוון אין וואַסאַל־בוכטע[8], דאָרט אויפֿצושטעלן אַ באַזע, וווּ וועט בלײַבן די חבֿרה פֿון דער דורכגיי־פּאַרטיע.

שעקלטאָן איז ערשט געווען אינעם אַנטאַרקטיק מיט סקאָט אין 1901-1904[9]. דערנאָך האָט ער געפֿירט זײַן אייגענע עקספּעדיציע און איז געקומען כמעט צום דרום־פּאָלוס (קורץ געכאַפּט אַ הונדערט מײַלן פֿונעם פּאָלוס) אין 1907-1909[10]. אין 1911-1912 איז ראָלד אַמונדסען[11] דער ערשטער געווען צו דערגרייכן דעם פּאָלוס. די איינציקע "גרויסע אַרבעט" וואָס איז געבליבן אין אַנטאַרקטישער אויספֿאָרשונג איז דאָס דורכגיין דעם קאָנטינענט.

אָבער זיי האָבן אַפֿילו ניט געקענט באַטרעטן אויף דער יבשה. אויפֿן ים איז געשווומען אַ גוזמא פּאַקאײַז[12] – "גאָר ערגער ווי געווײנטלעך" לויט די אַלטע מאַטראָסן אויף דרום־דזשאָרדזשע.

די מעשׂה פֿון זייער זיצן ווי געפֿאַנגענע אויף דער שיף און דערנאָך אויפֿן אײַז נאָכדעם וואָס די שיף איז צעדריקט געוואָרן דורכן באַוועגנדיקן פּאַקאײַז – מער ווי אַ יאָר – איז געווען שווער, קענט איר זי לייענען די אַלע ביכער וואָס באַשרײַבן אָט די עקספּעדיציע – ס'איז טאַקע געוואָרן אין די הײַנטיקע יאָרן אַ מין כאַטע־אינדוסטריע וועגן שעקלטאָן[13].

דאָ רעדט זיך די באַרימטע מעשׂה וואָס מע רופֿט זי "די שיפֿל־ניסעה", פֿון העלפֿאַנד־אינדזל[14] קיין דרום־דזשאָרדזשע אינעם *דזשעמז קיירד*[15]. אָבער פֿריִער האָבן זיי אויפֿגעטאָן אַ קירצערע נאָר אויך אַ שווערע, סכּנהדיקע שיפֿל־ניסעה, פֿונעם אײַזקאַנט, ווו דאָס אײַז צעברעקלט זיך און די שיפֿלעך קענען נאָך אַ מאָל שווימען, קיין העלפֿאַנד־אינדזל. שוין גענוג, נאָר דערנאָך קומט דאָס אַריבערגיין

[5] South Georgia, אַ גרויסער אינדזל אינעם דרום־אַטלאַנטיק, מיט עטלעכע וואַלפֿיש־פֿאַבריקן; אָפֿט מאָל אַן אָפּפֿאָר־פּונקט פֿאַר דער אַנטאַרקטישער אויספֿאָרשאונג.

[6] *Endurance*

[7] Frank Worsley

[8] Vahsel Bay, דער דרומדיקסטער טייל פֿונעם וועדעל־ים.

[9] Robert Falcon Scott’s *Discovery* Expedition

[10] Shackleton’s *Nimrod* Expedition

[11] Roald Amundsen

[12] pack, pack ice, ice pack: אײַז, צונויפֿגעפֿרוירענע קריִעס, באַדעקנדיק דעם ים־אייבערפֿלאַך.

[13] אַפֿילו די האַרוואַרד־געשעפֿט־שולע ניצט די מעשׂה ווי אַ לערן־משל (אוי!).

[14] Elephant Island

[15] *James Caird*, דאָס גרעסטע און שטאַרקסטע פֿון די דרײַ שיפֿלעך; אַ נאָמען נאָך איינעם פֿון די בײַשטײַערערס פֿון דער עקספּעדיציע (ווי די אַנדערע צוויי שיפֿלעך).

איבערן אינדזל דורך די אײַז־באַדעקטע הויכע בערג. און אַלע זײַנען געראַטעוועט געוואָרן.

מע זאָל פֿאַרשטיין פֿון אָנהייב אַז שעקלטאָנס בוך איז געווען דאָס "אָפֿיציעלע בוך" פֿון דער עקספּעדיציע, און דערין איז עס אַ פּשוטע באַשרײַבונג: "דאָס איז געשען און דערנאָך דאָס, האָבן מיר אַזוי און אַזוי געטאָן, ...", ניט אַזוי פּערזענלעך אָדער ליטעראַריש ווי, למשל, די *ערגסלטע סניעה אויף דער וועלט*, פֿון אַפּסלי טשערי־גאַראַרד[16]. פֿונדעסטוועגן איז די גאַנצע מעשׂה אַליין אַ שפּאַנענדיקע, ווי פּשוט די ווערטער זאָלן ניט זײַן.

[16] *The Worst Journey in the World* פֿון Apsley Cherry-Garrard, זכרונות וועגן סקאָטס עקספּעדיטיע קיין דעם דרום־פּאָלוס און (כמעט) צוריק, 1910-1912. אַ קאַפּיטל פֿון אָט דעם בוך, "די ווינטער־נסיעה", איבערגעזעצט אויף ייִדיש פֿון מיר, קען מען געפֿינען דאָ: http://home.comcast.net/~qqsv/full-vinter-nesie.pdf



3  סער ערנעסט שעקלטאָן




4 די מאַנשאַפֿט

# אַנטלויף פֿונעם אײַז
## דער ערשטער נס

באַגינען דעם 7טן אַפּריל האָט זיך באַוויזן דער לאַנג־דערוואַרטעטער שפּיץ פֿון קלאַרענס־אינדזל[17], שיִער ניט אויף צפֿון פֿון אונדזער לאַגער. לכתּחילה האָט ער אויסגעזען ווי אַ ריזיקער אײַזבאַרג, נאָר מיט דער וואַקסנדיקער ליכט האָבן מיר געקענט קלאָר זען די שוואַרצע פֿאַסן פֿון סקרי[18] און די הויכע תּהומיקע סקאַלעס אויפֿן אינדזל, וואָס זיי אַלע זײַנען געווען אַ ביסל אויפֿגעהויבן דורך מיראַזש. די שוואַרצע שטיינער מיטן ווײַסן שניי זײַנען געווען אַן אײַנגענעמער אויסבליק. אַזוי לאַנג האָבן די אויגן געקוקט אויף אײַזבערג, וואָס זיי וואַקסן אָדער ווערן אײַנגעשרומפּן משמעות לויט די ווינקלען פֿון די שאָטנס געוואָרפֿן פֿון דער זון; אַזוי אָפֿט האָבן מיר אַנטדעקט אינדזלען שטיינערנע און דערזען די שפּיצן פֿון דזשוינוויל־לאַנד[19] און דעמאָלט זיי געפֿונען, נאָך עפּעס אַן איבערבײַט אינעם ווינט אָדער טעמפּעראַטור, אַוועקשווועבן ווי נעפּלדיקע וואָלקנס אָדער געוויינטלעכע אײַזבערג – אַזוי לאַנג, אַזוי אָפֿט, אַז ביז וואָרסלי, ווילד, און הערלי[20] האָבן ניט באַשטעטיקט מײַנע אָבסערוואַציע, בין איך ניט צופֿרידן געווען, אַז איך קוק טאַקע אויף קלאַרענס־אינדזל. די יבשה איז נאָך ווײַט מער ווי זעכציק מײַל, נאר אין אונזערע אויגן האָט זי אויסגעזען עפּעס ווי היים, ווײַל דאָרט האָבן מיר זיך געריכט אויף די ערשטע האַרטע טריט נאָך די אַלע לאַנגע חדשים דרייפֿן אויפֿן אומסטאַבילן אײַז. מיר האָבן זיך צוגעוויינט צום לעבן אויף דער קריִע, נאָר מיט די האָפֿענונגען אַלע מאָל קאָנצענטרירט אויף אַבי וואָס פֿאַר אַ מיגלעכן לאַנדאָרט. אויב איין האָפֿענונג פֿאַלט דורך, האָבן מיר זיך געכאַפּט צו אַ צווייטער. אונדזער דרייפֿנדיקע היים האָט ניט גאַהאַט קיין רודער זי צו קערעווען, ניט קיין זעגל זי גיך צו באַוועגן. מיר זײַנען געווען בײַ די קאַפּריזן אין די הענט פֿון ווינט און שטראָם; מיר זײַנען אַהינגעפֿאָרן אַבי ווּ אָט די קלותדיקע כּיחות פֿירן. די האַרצן זײַנען אָנגעפֿילט געוואָרן מיט בענקשאַפֿט נאָך האַרטער ערד אונטער די פֿיס.

אין מיטן העלן טאָג האָט קלאַרענס־אינדזל אויפֿגעהערט אויסזען ווי יבשה, באַקומען אַן אַנדער פּנים – אַ באַרג ווײַט מער ווי אַ מײַל אַכט־צען, אַזוי פֿאַרפֿירעריש זײַנען די ווײַטקײַטן אין דער קלאָרער אַנטאַרקטישער לופֿט. די

---

17 Clarence Island
18 scree: שטיינער, קליינע און מיטלמאָסיקע אין דער גרייס, אָפּגעשפּאָלטן פֿון די בערג־שיפּועים.
19 Joinville Land
20 Frank Worsley: דער שיפֿס־קאַפּיטאַן; Frank Wild: דער צווייטער־קאָמאַנדיר; Frank Hurley: דער פֿאָטאָגראַף

שאַרפֿע ווײַסע שפּיצן אויף העלפֿאַנד־אינדזל האָבן זיך באַוויזן אַ ביסל שפּעטער אין טאָג אויף מערבֿ פֿון צפֿון.

"איך האָב איצט אויפֿגעהערט אַרויסגעבן צוקער, און די מאָלצײַטן באַשטייען נאָר פֿון ים־הינט־פֿלייש און ־פֿעטס, מיט זיבן אונצן פֿאַרטריקנטער מילך אַ טאָג פֿאַר דער פּאַרטיע," האָב איך אָנגעשריבן. "יעדער באַקומט אַ שטויב זאַלץ, און די מילך וועלט מען אויף, אַלע זאָלן האָבן אַ הייס געטראַנק. די דיעטע פּאַסט זיך צו אונדז, ווי באַלד מיר קענען זיך ניט געניטן אויף דער קריִע און דאָס פֿעטס פֿאַרזאָרגט אונדז מיט היץ. געפּרעגלטע פּענעצער פֿעטס, ס'ווײַזט זיך אויס, האָבן אַ טעם ווי מערביקע פֿעטזײַט. אַוודאי איז ניט קיין אָפּקומעניש, דאָס צו עסן, כאָטש בײַ לײַטן אין ציוויליזירטע צושטאַנדן וואָלט דאָס געבראַכט אַ שוידער. בײַ אונדז וואָלט דאָס אָפּקומעניש געווען אַז מיר האָבן דאָס ניט געקענט קריגן."

ס'דאַכט זיך מיר, אַז דער מענטשלעכער געשמאַק קען זיך געוויינען צו אַבי וואָס. טייל ברואים וועלן שטאַרבן איידער זיי נעמען אָן אַ פֿרעמדע דיעטע, אַז ס'פֿעלט זיי די געוויינטלעך עסן. די יאַקס[21] אינעם הימאַלישן הויך־פּלאַטאָ דאַרפֿן פּאַשען זיך אויפֿן וואַקסנדיקן גראָז, כאָטש קנאַפּ און טרוקן, וואָלט פֿאַרהונגערט געוואָרן, אַז מע גיט זיי נאָר דעם בעסטן האָבער מיט תּבֿואה.

"מיר האָבן נאָך בײַ אונדז דעם טונקעלן וואַסערהימל[22] ווי פֿון דער פֿאַרגאַנגענער וואָך אויף דרום־מערבֿ און מערבֿ, אַרום ביזן צפֿון־מיזרח. מיר לאָזן די אַלע בערג אויף מערבֿ, און ס'זײַנען דאָ נאָר ווייניקע ווו מע זעט. דער ים־אויפֿלויף[23] איז הײַנט שטאַרקער, און מיר איז קלאָר, אַז מיר זײַנען פּונקט בײַם ראַנד פֿונעם קריִע־אײַז. איין שטאַרקע בורע און דערנאָך אַ רו וואָלט צעוואַרפֿן דעם פּאַק, דאַכט זיך מיר, און דעמאָלט וואָלטן מיר זיך קענען דורכשלאָגן. איך האָב זיך אָפּט פֿאַרטראַכט וועגן די אויסבליקן אונדזערע. ווי קלאַרענס־אינדזל דערזעט זיך נאָך דעם לאַנגען דרייפֿן, האָט דאָס אויסגעזען עפּעס ווי אַן אולטימאַטום. אָט דער אינדזל איז דער לעצטער אַוואַנפּאָסט פֿונעם דרום און אונדזער לעצטער שאַנס פֿון אַ לאַנדאָרט. ווײַטער ליגט דער ברייטער אַטלאַנטיק. ס'קען זײַן אַז אונדזערע קליינע שיפֿלעך וועלן דאַרפֿן זעגלען אָן שום אָפּדאַך איבערן אָפֿענעם ים מיט אַ דרײַ טויזנט מײַל צווישן זיי און דער יבשה אויף צפֿון און מיזרח. מע האַלט פֿאַר גאָר וויכטיק, אַז מיר זאָלן לאַנדן אויף קלאַרענס־אינדזל צי אויף זײַן שכן, העלפֿאַנד־אינדזל. דער צווייטער האָט פֿאַר אונדז צוציִונגען,

---

[21] yaks
[22] water-sky: איבערן אָפֿענעם ים איז דער הימל טונקל, אַנדערש פֿון איבערן קריִע־באַדעקטן ים, וואָס איז אַ העלע אָפּשפּיגלונג, וואָס מע רופֿט דאָס אײַזבליץ (ice blink).
[23] ocean swell

כאָטש אויף ווײַל איך ווייס האָט קיינער דאָרט קיין מאָל ניט געלאַנדט. זײַן נאָמען ברענגט אַרויף אויפֿן געדאַנק אַז דאָרט געפֿינען זיך די פֿליישיקע און סאָקיקע ים־העלפֿאַנדן. מיר האָבן אַ וואַקסנדיקן חשק סײַ ווי סײַ צו האָבן פֿעסטע ערד אונטער די פֿיס. די אָ קריִע איז אונדז געווען אַ גוטער־פֿרײַנד, נאָר זי קומט שוין צו איר סוף, קער זיך אָפּשפּאַלטן אַבי ווען, אונדז אַרײַנוואַרפֿן גאָר אין טיפֿן ים אַרײַן.

אַ ביסל שפּעטער, נאָכדעם וואָס איך האָב איבערגעקוקט די גאַנצע זאַך לויט די אומשטאַנדן, האָב איך באַשלאָסן בײַ זיך,אַז מיר זאָלן פּרוּוון דערגרייכן אָפּנאַר־אינדזל[24]. די רעלאַטיווע פּלאַצירונגען פֿון קלאַרענס־, העלפֿאַנד־ און אָפּנאַר־אינדזלען קען מען זען אויף דער קאַרטע. די ערשטע צוויי ליגן לפּי־ערך נאָענט צו אונדז, צעשייד דורך אַן אַכציק מײַל וואַסער פֿונעם פּרינץ־דזשאָרדזש־אינדזל[25], וואָס געפֿינט זיך ווײַט אפֿשר 150 מײַל פֿון אונדזער לאַגער אויפֿן באַרג. פֿון דעם דאָזיקן אינדזל ציט זיך אַ קייט ענלעכע אינדזלען אויף מערבֿ, ביז צום אָפּנאַר־אינדזל. די קאַנאַלן צווישן די אָ וויסטע שטיקלעך שטיין און אײַז זײַנען אַ צען־פֿופֿצן מײַל אין דער ברייט. אָבער מיר האָבן געוווּסט פֿון די פֿלאָט־אָנווײַזונגען[26], אַז עס זײַנען פֿאַראַן זאַפּאַסן פֿאַר שיפֿבראָכיקע מאַטראָסן אויף אָפּנאַר־אינדזל, און ס'האָט געקענט זײַן, אַז די וואַלפֿיש־יעגערס האָבן דעם זומער נאָך ניט פֿאַרלאָזן זײַן האַוון. אויך האָבן מיר זיך דערוווּסט פֿון די קנאַפּע רעקאָרדן בײַ זיך, אַז דאָרט האָט מען אויסגעבויט אַ קליינעם קלויסטער לטובֿת די פֿאַרגייִיקע וואַלפֿיש־יעגערס. אויב ס'איז דאָ טאַקע אַזאַ בנין, וואָלטן מיר קענען קריגן אַ זאַפּאַס ברעטער, וואָס מיט זיי, בײַ דער ביטערסטער נייטיקייט, וואָלטן מיר געקענט אויסבויען אַ מער־וויינִיקער ניצלעך שיפֿל. אָט דאָס האָבן מיר געהאַט אַרומגערעדט בעת אונדזער גאַנג, דרייפֿן אויף דער קריִע. צוויי פֿון די שיפֿלעך זײַנען געווען נישקשהדיקע שטאַרקע, נאָר דאָס דריטע, דער *דזשעמז קיירד*, איז געווען אַ לײַכטס, כאָטש אַ ביסל לענגער ווי די אַנדערע. זיי זײַנען אַלע געווען קליינע פֿאַרן נאַוויגירן אין אָט די פֿאַרנאַנט שטורעמדיקע ימים, און זיי וואָלטן געווען שווער אָנגעלאָדן, וואָלט געמאַכט אַ נסיעה אויפֿן ברייטן ים אַן ערנצטע זאַך. איך האָב מורא, אַז דעם סטאָליערס פֿינגער האָבן שוין געלעכצט נאכן אויסבײַטן קלויסטערבענק אין אייבערוווערק[27] און דעקן. אויף יעדן פֿאַל וואָלט געווען דאָס ערגסטע וואָס עס וואָלט זיך געקענט מיט אונדז טרעפֿן בײַם

---

[24] Deception Island

[25] Prince George Island

[26] Admiralty Sailing Directions

[27] topsides

דערגרייכן אָפּנאַר־אינדזל, איז מיר ווילן דאַרפֿן וואַרטן ביז די וואַלפֿיש־יעגערס קערן זיך צוריק בערך אין מיטן נאָוועמבער.

נאָך אַ שטיקל ידיעה וואָס מע האָט געדרונגען פֿון די רעקאָרדן פֿון דער מערבֿדיקער זײַט ווען עדעל־ים האָט צו טאָן מיט פּרינץ־דזשאָרדזש־אינדזל. די פֿלאָט־אָנווײַזונגען, באַשרײַבנדיק די דרום־שעטלענדער[28], האָבן דערמאָנט אַ הייל אויף דעם דאָזיקן אינדזל. קיינער פֿון אונדז האָט געזען אָט די הייל, ניט געקענט זאָגן צי זי איז אַ גרויסע צי אַ קליינע, אַ נאַסע צי אַ טרוקענע; נאָר בשעת אונדזער גאַנג דרייפֿנדיק אויף דער קריִע אונדזערער און שפּעטער, בײַם נאַוויגירן לענג־אויס די פֿאַרפֿירערישע וואַסערשטעגן[29] און בײַ די אומרויִקע נאַכטלאַגערן, האָט אָט די הייל זיך געדאַכט אין מײַן פֿאַנטאַזיע ווי אַ פּאַלאַץ, וואָס עס וואָלט אין פֿאַרגלײַך אָפּגעטונקעלט די פּראַכט פֿון ווערסײַ[30].

דער ים־אויפֿלויף האָט זיך פֿאַרגרעסערט די נאַכט און די באַוועגונג פֿונעם אײַז איז מערקווערדיקער געוואָרן. ווען ניט ווען האָט זיך אַן אַרומיקע קריִע אָנגעשלאָגן אינעם אײַז וואָס אויף אים לאַגערן מיר, איז די אָנלערנונג פֿון די קלעפּ געווען קלאָר פֿאַר די אויגן. מיר מוזן גיך דערגרייכן האַרטע ערד אונטער די פֿיס. ווען ס'הערט זיך אויף דער וויבריר נאָך אַ שווערן אָנפֿלייץ, האָבן די געדאַנקען מײַנע זיך גיך געדרייט אויף דער קומעדיקער פּראָבלעם. אויב די פּאַרטיע וואָלט געווען ניט מער ווי זעקס מענטשן, וואָלט ניט געווען אַזוי שווער צו געפֿינען אַ באַשייד; נאָר ס'איז קלאָר, אַז דאָס ברענגען די גאַנצע חבֿרה אין אַ זיכערן אָרט, מיט די קנאַפּע מיטלען וואָס בײַ אונדז, האָט געדאַרפֿט זײַן אַן ענין פֿול מיט שווערער טירחה. ס'זײַנען געווען אַכט און צוואַנציק מענטשן אויף אונדזער שווימענדיק שטיקל אײַז, וואָס ווערט כּסדרדיק קלענער צוליב ווינט, וועטער, אָנפֿאַלנדיקע קריִעס, און שווערן ים־אויפֿלויף. איך מוז זיך מודה זײַן, אַז מיר איז געווען דער יאָך פֿון אַחריות שווער אויף די פּלײַצעס; אָבער צוריק גערעדט בין איך סטימולירט געוואָרן, אויפֿגעמונטערט דורכן געמיט פֿון די מענטשן. די עלנטקייט איז די שטראָף בײַ דער פֿירערשאַפֿט, נאָר ס'איז אין גאַנצן גרינגער דעם באַשלאָסער, אַז ס'איז ניטאָ קיין אומזיכערקייט אין די מוחות פֿון זײַן קאָמאַנדע, אַז זײַנע באַפֿעלן וועט מען דורכפֿירן בטוח, זיך ריכטנדיק אויף הצלחה.

ס'האָט געשײַנט די זון אינעם בלאָען הימל צו מאָרגנס (דעם 8טן אַפּריל). קלאַרענס־אינדזל האָט זיך קלאָר באַוויזן אויפֿן האָריזאַנט, און העלפֿאַנד־אינדזל

[28] The South Shetlands, אַ גרופּע אינדזלען נאָענט צום אַנטאַרקטישן האַלבאינדזל.
[29] leads: קאַנאַלן מיט אָפֿן וואַסער אין די שפּאַלטן צווישן די קריִעס. אָפֿט מאָל פֿירן זיי אין ערגעץ ניט, זיך אַלע מאָל עפֿענען און פֿאַרמאַכן. (אַרויסגערעדט "לידס").
[30] Versailles

האָט מען אויך געקענט זען. דער איינציקער שניי־באַדעקטער שפּיץ אויף קלאַרענס־אינדזל וואַרפֿט זיך אין די אויגן ווי אַ שיף־שײַנטורעם, כאָטש אַפֿילו דער אָפּטימיסטישסטער דמיון האָט ניט געקענט געפֿינען אַ לײַכטן וועג דורכן אײַז און ים צווישן אונדז און אָט דעם ווײַסן צימצומדיקן ריז.

"דער פּאַק איז געווען אַ סך לויזער הײַנט אין דער פֿרי, און דער לאַנגער קאַטשענדיקער ים־אויפֿלויף איז געווען העכער ווי נעכטן. די קריִעס שווימען אַרויף און אַראָפּ מיטן ים־אָנפֿלייץ. ניכּר אַז מיר דרייפֿן מיטן שטראָם אויף דער אייבערפֿלאַך, וואָרן די אַלע שווערערע מאַסן קריִעס, בערג, און אײַז־הײַפֿלעך[31] לאָזן זיך איבער. אין לאַנגער האָט מען אַ ביסל אַרומגערעדט, צי ס'איז כּדאַי מיר זאָלן זיך לעת־עתּה אײַנהיימישן אויף איינעם אַ באַרג, דרייפֿן אויף אים אויף מערבֿ. ס'לייגט ניט אײַפֿן שׂכל. איך קען ניט זיכער זײַן, אַז דער באַרג וועט דרייפֿן אין דער ריכטיקער זײַט. אויב ער פֿאָרט ניט אויף מערבֿ און ברענגט אונדז אין אָפֿענעם ים אַרײַן, וואָס וואָלט געווען אונדזער גורל, אַז מיר פּרוּוון אַראָפּלאָזן די שיפֿלעך אַראָפּ אויף די שטאָציקע זײַטן פֿונעם באַרג אינעם ים־אויפֿלויף נאָכדעם וואָס די אַרומיקע קריִעס זײַנען אַוועק? מע דאַרף זיך אויך רעכענען מיטן שאַנס, אַז דער באַרג וועט זיך צעשפּאַלטן צי אַפֿילו איבערקערן בעת אונדזער איבערזײַן. ס'איז ניט מיגלעך אָפּצומעסטן דעם מצבֿ פֿון אַ גרויסער מאַסע אײַז דורכן דרויסנדיקן אויסזע. אפֿשר האָט דאָס זײַז אַ פּגם, און אַז דער ווינט, שטראָם, און אויפֿלויף שטעלן אויף שפּאַנונגען און אָנגעצויגנקייט, קען דער מיחוש זיך באַווײַזן פּלוצעם און קאַטאַסטראָפֿאַל. ניין, איך האָב ניט ליב דאָס דרייפֿן אויף אַ באַרג. מיר דאַרפֿן בלײַבן אויף אונדזער קריִע ביז די צושטאַנדן פֿאַרבעסערן זיך און דעמאָלט מאַכן נאָך אַ פּרוּוו דערגרייכן די יבשה."

האַלב זיבן נ"מ איז דורך אונדזער קריִע דורכגעגאַנגען אַ גאָר שטאַרקע אויפֿטרייסלונג. דער וועכטער מיט אַנדערע פֿון דער פּאַרטיע האָבן געמאַכט גיך אַן אַרומקוק, געפֿונען אַ שפּאַלט פּונקט אונטערן *דזשעמז קייִרד* און צווישן די אַנדערע צוויי שיפֿלעך און דעם הויפּטלאַגער. אין ניט מער ווי פֿינף מינוט זײַנען די שיפֿלעך אַריבער איבערן שפּאַלט, נאָענט צו די געצעלטן. די צרה איז ניט געקומען דורך אַ שלאָג פֿון אַן אַנדערער קריִע. מיר האָבן געקענט זען אַז דאָס שטיק אײַז אונדזערס האָט זיך אַ דריי געטאָן און איצט איז געשווומען מיט דער לענגערער אַקס צום צוקומענדיקן אויפֿלויף. דעריבער האָט די קריִע זיך געוואָרפֿן אַרויף און אַראָפּ[32] ווי בײַ אַ שיף, האָט זיך צעשפּאָלטן אין דער קווער ווען דער אויפֿלויף האָט אויפֿגעהויבן דעם מיטן, לאָזנדיק די צוויי עקן לפֿי־ערך ניט אונטערגעהאַלטן. מיר

---

[31] hummocks
[32] .pitch

זײַנען איצט געווען אויף אַ דרײַעקיקן פּליט פֿון אײַז, די דרײַ זײַטן זײַנען געווען מער ווייניקער 90, 100, און 120 יאַרדן אין דער לענג. ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, טעמפּ און פֿאַרוואָלקנט, און פֿאַר האַלבער נאַכט האָט דער ווינט זיך פֿאַרשטאַרקט פֿון מערבֿ. מיר האָבן געקענט זען ווי דער פּאַק עפּנט זיך אונטער דער השפּעה פֿון ווינט, כוואַליע, און שטראָם, ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די צײַט איז נאָענט ווען מיר וועלן דאַרפֿן לאַנצירן די שיפֿלעך. באמת איז געווען קלאָר אַז אַפֿילו אַז דער מצבֿ איז שלעכט פֿאַרן אָנהייבן אויף צו מאָרגן, האָבן מיר ניט געקענט בלײַבן זיכער אויף דער קריִע לענגער ווי אַ געציילטע שעה. די באַוועגונג פֿונעם אײַז אינעם ים־אויפֿלויף איז געוואָרן אַלץ גרעסער, האָט געקענט זײַן אַז די קריִע קער זיך צעשפּאַלטן פּונקט אונטערן לאַגער. מיר האָבן זיך צוגעגרייט פֿאַר גיכער אַקציע אויב עפּעס אַזוינס פּאַסירט. בײַ אונדז וואָלט געווען גאָר אַ פֿאַרצווייפֿלטער מצבֿ, אַז דאָס אײַז צעברעקלט זיך אין קליינע שטיקלעך ניט גענוג גרויס אונדז אונטערצוהאַלטן און ניט גענוג לויז צו לאָזן ניצן די שיפֿלעך.

דער קומעדיקער טאָג איז געווען זונטיק (דעם 9טן אַפּריל), אָבער אונדז איז ער געווען גאָר ניט קיין שבת. אַ סך וויכטיקע געשעענישן בײַ אָט דער עקספּעדיציע זײַנען זונטיקן פֿירגעקומען, און דער אָ טאָג וועט זען אונדזער געצוווּנגענעם אָפּפֿאָר פֿון דער קריִע ווו מיר האָבן געוווינט כמעט זעקס חדשים, און דעם אָנהייב פֿונעם שיפֿל־פֿאָרן.

"הײַנט איז געווען אַ פֿאַרנומענער טאָג. דער אינדערפֿרי איז געווען אַ פֿײַנער, כאָטש אַ ביסל פֿאַרוואָלקנט מיט סטראַטוס און קומולוס[33] וואָלקנס; מאָסיקע ווינטלעך פֿונעם דרום־דרום־מערבֿ און דרום־מיזרח. מיר האָבן געהאָפֿט, אַז מיט אַזאַ ווינט וואָלט דאָס אײַז זיך דרייפֿן נעענטער צו קלאַרענס־אינדזל. זיבן אַ זייגער פֿ"מ האָט מען געקענט זען פֿאָרוועגן און שטעגן בײַם האָריזאַנט אויף מערבֿ. דאָס אײַז וואָס צעשיידט אונדז פֿון די פֿאָרוועגן איז געווען לויז, נאָר האָט ניט אויסגעזען אויספֿירלעך מיט די שיפֿלעך. דער לאַנגער אויפֿלויף פֿונעם צפֿון־מערבֿ איז אַרײַנגעקומען גרינגער ווי נעכטן און געטריבן די קריִעס צוזאַמען מיט דער העכסטער בהלה. די לויזע אײַז־שטיקלעך[34] צווישן די מאַסן אײַז זײַנען אויפֿגעשלאָגן געוואָרן ביז ווי בלאָטע, האָט קיין שיפֿל ניט געקענט לעבן אין די קאַנאַלן וואָס עפֿנטן זיך און מאַכט זיך צו אַרום און אַרום. די אייגענע קריִע האָט געליטן אין דער אַלגעמיינער טומל, און נאָך פֿרישטיק האָב איך געהייסן זיי זאָלן אַראָפּרײַסן די געצעלטן און אַלץ צוגרייטן פֿאַר אַ תּיכּפֿדיקן אָנהייב באַלד ווי מע האָט געקענט אַראָפּלאָזן די שיפֿלעך."

---

[33] stratus and cumulus

[34] brash: קלענערע שטיקלעך אײַז, אָפּגעבראָכן פֿון קריִעס אָדער אָפּגעשפּאָלטן פֿון אײַזבערג.

איך האָב געהאַט באַשלאָסן, אַז איך אַליין זאָל אָנפֿירן מיטן *דזשעמז קיירד*, מיט ווילד און עלף מענטשן. ער איז געווען דאָס גרעסטע פֿון די שיפֿלעך, און חוץ די אָ נשמות האָט ער געטראָגן אַ גרעסערן טייל פֿונעם פּראָוויאַנט. וואָרסלי האָט אָנגעפֿירט מיטן *דאָדלי דאָקער*[35] מיט נײַן מענטשן, זײַנען האָדסאָן און קרין[36] די עלטערע אויפֿן *סטענקאָם ווילס*[37].

באַלד נאָכן פֿרישטיק האָט זיך דאָס אײַז נאָך אַ מאָל פֿאַרמאַכט. מיר זײַנען גרייט געווען, מיט די הכנות אַזוי פֿולקום ווי מיגלעך, ווען עלף אַ זייגער פֿ"מ האָט זיך אונדזער קריִע פּלוצעם צעשפּאָלטן פּונקט אונטער די שיפֿלעך. מיר האָבן אײַליק געטראָגן די כּלים אויפֿן גרעסערן פֿון די צוויי שטיקער, פֿאַרלייגט די אויגן אויף וואָס זאָל קומען איצט. דער שפּאַלט האָט דורכגעשניט מײַן לאַגערפּלאַץ. איך בין געשטאַנען בײַם ראַנד פֿונעם נײַעם בראָך, און, קוקנדיק אַריבער איבערן אַלץ ברייטערן קאַנאַל וואַסער, האָב איך געקענט זען דעם אָרט ווו מײַן קאָפּ און פּלייצעס האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אַז איך לייג אינעם שלאָפֿזאַק אַ סך חדשים. דער אײַנקוועטש פֿונעם גוף און פֿיס איז דאָ בײַ דער זײַט פֿונעם שפּאַלט. דאָס אײַז האָט זיך פֿאַרנידעריקט אונטער מײַן וואָג במשך פֿון די חדשים וואַרטן אינעם געצעלט, האָב איך אָפּט אונטערגעשטעלט שניי אונטערן זאַק דאָס אויסצוגלײַכן. די שיכטן האָבן קלאָר באַוויזן די פֿאַרשיידענע צוגאָבן שניי. ווי ברעכעוודיק און וואַקלדיק איז געווען אונדזער רואָרט! נאָר דער באַניץ האָט אָפּגעטעמפּט דאָס געפֿיל פֿון סכּנה. די אָ קריִע איז אונדזער היים געוואָרן, און במשך פֿון די פֿריִערדיקע חדשים פֿונעם דרייפֿן האָבן מיר שיִער ניט פֿאַרגעסן, אַז זי איז ניט מער ווי אַ בויגן אײַז שווימענדיק אויף גאָר אַ טיפֿן ים. איצט איז די היים צעשמעטערט געוואָרן אונטער די פֿיס, ס'איז אונדז געקומען אַ געפֿיל פֿון אַבֿדה און ניט־דערענדיקטקייט וואָס איז קוים צו באַשרײַבן.

די פֿראַגמענטן פֿון אונדזער קריִע זײַנען נאָך אַ ביסל שפּעטער צונויפֿגעקומען, האָבן מיר געגעסן אונדזער אָנבײַסן פֿון ים־הינט־פֿלייש, אַלע עסן צו זאַט. איך האָב געמיינט, אַז אַ גוטער מאָלצײַט וואָלט זײַן דער בעסטער צוגרייטאונג פֿאַר דער נסיעה וואָס מוז איצט קומען, און מחמת מיר האָבן ניט געקענט מיטברענגען דאָס גאַנצע פֿלייש, ווען עס קומט די רגע, האָבן מיר געקענט האַלטן, אַז אַ פֿונט אויפֿגעגעסן איז אַ פֿונט געראַטעוועט. דער אויפֿרוף איז געקומען איינס אַ זייגער נ"מ. דער פּאַק האָט זיך גוט געעפֿנט און די קאַנאַלן זײַנען שיפֿיק געוואָרן. די צושטאַנדן זײַנען ניט אין גאַנצן געווען וואָס מע האָט

---

[35] *Dudley Docker*

[36] Huberht[sic] Hudson, דער נאַוויגאַטאָר; Tom Crean, דער צווייטער אָפֿיציר ("דער אירישער ריז")

[37] *Stancomb Wills*

געוואָלט, נאָר מע האָט ניט געקענט וואַרטן אויף בעסערע. דעם *דאָדלי דאָקער* און דעם *סטענקאָם ווילס* האָט מען גיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער אַרײַן. זאַפּאַסן האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן, און די צוויי שיפֿלעך האָט מען געצויגן אַוועק פֿון די נאָענטע קריִעס אין אַ קאַלוזשע אָפֿענעם וואַסער דרײַ מײַלן אין דער ברייט, וואָס אין איר שווימט אַן איינציקער און מעכטיקער באַרג. דער *דזשעמז קיירד* איז געווען דאָס לעצטע שיפֿל אָפּצופֿאָרן, שווער אָנגעלאָדן מיט זאַפּאַסן און רעשטלעך לאַגער־אויסריכט. אַלערליי זאַכן וואָס מיר האָבן דעמאָלט גאַהאַלטן פֿאַר נייטיק האָבן מיר אַ ביסל שפּעטער אַוועקגעוואָרפֿן, ווען די דריקונגען פֿונעם פּרימיטיוון לעבן זײַנען נאָך שטרענגער געוואָרן. מע קען דאָך איבערלעבן מיט גאָר קנאַפּע מיטלען. די קלייניקייטן פֿון ציוויליזאַציע וואַרפֿט מען באַלד אַוועק אַז מע שטייט פּנים־אל־פּנים מיטן האַרבן ממשות, און מיט דער קנאַפּסטער געלעגנהייט אײַנצושאַפֿן עסן און אָפּדאַך, קען אַ מענטש לעבן און אַפֿילו לאַכן.

די דרײַ שיפֿלעך זײַנען געווען ווײַט אַ מײַל פֿון דער היים אויף דער קריִע צוויי אַ זייגער נ"מ. מיר זײַנען געהאַט געגאַנגען דורך די קאַנאַלן, אַרײַן אין דער גרויסער קאַלוזשע, ווען מיר האָבן דערזען אַן אָנפֿלייץ שוימיק וואַסער מיט וואַרפֿנדיק אײַז וואָס עס פֿאַרנענטערט זיך צו אונדז צו ווי אַ פֿלייצוואַנט[38] אין אַ טײַך. דעם פּאַק האָט אַ פֿלייצריס[39] געטריבן אויף מיזרח, און צוויי ריזיקע מאַסעס אײַז האָבן זיך אויף אונדז געטריבן אויף צוויי צונויפֿקומענדיקע געגנט. דער *דזשעמז קיירד* איז געפֿאָרן פֿאָרויס. זיך ווענדנדיק שטאַרק אויף לינקס[40] און רודערנדיק מיט אַלע כּוחות, האָבן מיר באַהויבן זיך אַרויסצודרייען. די אַנדערע צוויי שיפֿלעך זײַנען אונדז נאָכגעגאַנגען, כאָטש פֿון הינטן האָבן זיי ניט אײַנגעזען די סכּנה. דער *סטענקאָם ווילס* איז געווען דאָס לעצטע, איז עס כּמעט געכאַפּט געוואָרן, נאָר דורך גרויסע אָנשטרענגונגען האָט עס זיך געהאַלטן פֿאָרויס פֿונעם אָנשטויסנדיקן אײַז. ס'איז געווען אַן אומגעוויינטלעכע און אויפֿשרעקנדיקע איבערלעבונג. די ווירקונג פֿון ים־פֿלייץ אויפֿן אײַז איז געוויינטלעך ניט אַזוי דײַטלעך ווי דעם טאָג. דאָס אָנקומענדיקע אײַז, באַלייט מיט אַ גרויסער כוואַליע, האָט זיך געדאַכט, איז געפֿאָרן אַ דרײַ קנופּן[41]; אויב מיר האָבן זיך ניט געקענט ציִען פֿרײַ, וואָלטן מיר אַוודאי אָנגעפֿילט מיט וואַסער און אַרונטערגעגאַנגען[42].

---

38 tidal bore: אַ ים־פֿלייץ וואָס שטראָמט גיך שטראָם־אַרויף אין אַ לעפֿצונג מיט אַ הויכן און שטאָציקן פֿאָרנט, ווי אַ וואַנט פֿון וואַסער.

39 tide-rip: אַ ים־פֿלייץ מיט אַ שטאַרקן שטראָם.

40 … starboarding the helm ...

41 knots: איין קנופּ איז איין ים־מײַל (6076 פֿיס) אין איין שעה.

42 swamped

מיר האָבן שווער גערודערט אַ שעה ווינט־אַרויף[43] פֿון דער באַרג וואָס ליגט אינעם אָפֿענעם וואַסער. דער ים־אויפֿלויף האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די ווערטיקאַלע זײַטן, געוואָרפֿן אַ שפּריץ זעקציק פֿוס אין דער לופֿטן. באַשײַמפערלעך איז דאָ אַן אײַזפֿוס[44] בײַם מיזרחדיקן עק, וואָרן דער אויפֿלויף האָט זיך צעבראָכן איידער ער איז אָנגעקומען בײַם באַרג גופֿא, צעוואָרפֿן זײַן ווײַסן שפּריץ אויף דער בלאָער אײַזוואַנט. אין אַנדערע אומשטאַנדן וואָלטן מיר אפֿשר זיך אָפּגעשטעלט כּדי צו באַוווּנדערן דעם ספּעקטאַקל, נאָר ס'איז גיך אָנגעקומען די נאַכט, האָבן מיר באַדאַרפֿט אַ לאַגעראָרט. בעת מיר זײַנען געפֿאָרן אויף צפֿון־מיזרח, נאָך אַלץ צווישן די קריִעס, איז דער *דאָדלי דאָקער* צווישן צוויי מאַסעס אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן זוכנדיק אַ דורכוועג. דאָס אַלטע ווערטל, אַז אַ דורכוועג איז דער לענגסטער וועג, איז אָפֿט פּונקט אַזוי אמת אינעם אַנטאַרקטיק ווי אינעם פֿרידלעכן געגנט. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך צוגעבונדנט צום *דאָדלי דאָקער* מיט אַ שנור, און נאָך אַ ביסל שלעפּן האָט עס נאָך אַ מאָל אַרויסגעבראַכט פֿונעם אײַז. מיר האָבן זיך פֿאָרויס געײַלט אינעם בין־השמשות, זוכנדיק אַ גלאַטע, אַלטע קריִע, און באַלד געפֿונען אַ היפּש גרויס שטיק וואָס וויגט זיך אינעם אויפֿלויף. ס'איז בשום־אופֿן ניט געווען קיין אידעאַלער לאַגעראָרט, נאָר ס'איז שוין פֿינצטער געוואָרן. מיר האָבן אַרויפֿגעשלעפּט די שיפֿלעך און ביז אַכט אַ זייגער נ"מ אויפֿגעשלאָגן די געצעלטן און דער טראָנאויוון[45] האָט פֿריילעך געברענט. באַלד איז די גאַנצע חבֿרה אָנגעקאָרמעט און גליקלעך געוואָרן אין די געצעלטן, האָב איך דערהערט שטיקלעך געזאַנג בעת איך שרײַב אָן אין דער לאָגהעפֿט.

עפּעס אַן אומרויִק געפֿיל האָט מיך אַרויסגעטריבן פֿונעם געצעלט בערך עלף אַ זייגער נ"מ די נאַכט, האָב איך אַ קוק געטאָן אויפֿן שטילן לאַגער. די שטערן צווישן די שנייוויייען האָבן באַוויזן, אַז די קריִע האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן לאַנגען עק צום אויפֿלויף צו, וואָס ברענגט אויף איר פּלוצעמדיקע שפּאַנונגען. איך האָב זיך געלאָזט אַריבערגיין איבער דער קריִע רעדן מיטן וועכטער, ער זאָל זיך גוט אַרומקוקן טאָמער ס'קומט אַ שפּאַלט, און בעת איך בין פֿאַרבײַ דעם געצעלט פֿון די מאַטראָסן האָט זיך די קריִע אַ הייב געטאָן אויפֿן קאַם פֿון אַן אויפֿלויף, זיך צעשפּאָלטן אונטער די פֿיס. די מענטשן זײַנען געווען אין איינעם פֿון די קופּאָל־געצעלטן[46], וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן צעציִען בעת דאָס אײַז האָט זיך

---

[43] … to windward …

[44] icefoot: אַ טייל פֿון אַ באַרג צי אַ קריִע וואָס שטעקט אַרויס אונטערן וואַסער, איבערגעלאָזט נאָכדעם וואָס דער טייל איבערן וואַסער צעגייט זיך.

[45] blubber stove

[46] dome-shaped tents

געעפֿנט. אַ פֿאַרדושעטער קלאַנג, עפּעס אַ דערשטיקעניש, האָט זיך געלאָזט הערן פֿונעם אויסגעצויגענעם געצעלט. איך האָב זיך געײַלט פֿאָרויס, געהאָלפֿן עטלעכע מענטשן וואָס קריכן אַפֿער פֿון דער קאַנווע, אויסגערופֿן, "בײַ אײַך איז גוט?"

"צוויי זײַנען אַראָפּ אין וואַסער," האָט עמעצער געענטפֿערט. דער שפּאַלט האָט זיך ביז אַ פֿוס פֿיר פֿאַרברייטערט, און ווען איך האָב זיך אַראָפּגעוואָרפֿן בײַם קאַנט, האָב איך דערזען אַ ווײַסלעכן חפֿץ אויפֿן וואַסער. ס'איז געווען אַ שלאָפֿזאַק מיט אַ מענטש אינעווייניק. איך האָב אים געקענט אָנכאַפּן און מיט אַ הייב פֿאַררײַסן מענטש און זאַק אויף דער קריִע. מיט עטלעכע סעקונדעס שפּעטער זײַנען די אײַזקאַנטן מיט אומגעהײַערער קראַפֿט צוזאַמענגעקומען. צום גליק איז בלויז איין מענטש געווען אין וואַסער, אַניט וואָלט דער אינצידענט געווען אַ טראַגעדיע. דער געראַטעוועטער זאַק האָט געהאַלטן האָלנעס[47], וואָס איז נאָס ביז צו דער טאַליע אָבער חוץ דעם איז ער געזונט געווען. דער שפּאַלט האָט זיך נאָך אַ מאָל געעפֿנט. דער *דזשעמז קיירד* און מײַן געצעלט זײַנען געווען אויף איין זײַט פֿון דער עפֿענונג און די איבעריקע אויף יענער זײַט. מיט דער הילף פֿון אַ צוויי־דרײַ מענטשן האָב איך דאָס געצעלט אַראָפּגעצויגן, האָט די גאַנצע חבֿרה זיך גענומען צום שטריקל[48], אײַליק געשלעפּט דעם *דזשעמז קיירד* איבערן פֿאַרברייטערנדיקן שפּאַלט. מיר האָבן געהאַלטן דעם שנור בעת די איבעריקע מענטשן אויף דער זײַט, איינער נאָכן אַנדערן, זײַנען אַריבערגעשפּרונגען איבערן קאַנאַל אָדער זיך קאַראַפּקעט איבערן שיפֿל. סוף־כּל־סוף בין איך געבליבן איינער אַליין. די נאַכט האָט אַראָפּגעשלונגען די אַלע אַנדערע און די גיכע באַוועגונג פֿונעם אײַז האָט מיך געצייט אַראָפּלאָזן דעם שנור. אויף אַ רגע איז מיר דאָס שטיקל שאָקלענדיקע קריִע געווען דער עלנסטער אָרט אויף דער וועלט. זיך אײַנקוקנדיק אינעם פֿינצטערניש האָב איך קוים געקענט דערזען די טונקעלע פֿיגורן אויף דער צווייטער קריִע. איך האָב צוגערופֿן ווילדן, אים געהייסן אַראָפּלאָזן דעם *סטענקאָם ווילס* אויפֿן וואַסער, נאָר איך האָב זיך ניט געדאַרפֿט מטריח זײַן. מיט זײַן שאַרפֿן שׂכל האָט ער פֿאָרויסגעזען דעם באַפֿעל, האָט מען שוין גענומען דאָס שיפֿל, עס געפֿירט בײַם אײַזקאַנט. אין אַ צוויי־דרײַ מינוט אַרום האָט עס מיך דערגרייכט, מיך אַריבערגעשיפֿט אינעם לאַגער אַרײַן.

מיר זײַנען איצט געווען אויף אַ שטיק פֿלאַך אײַז אַ 200 פֿוס אין דער לענג און אַ 100 פֿוס אין דער ברייט. קיינער האָט יענע נאַכט ניט געשלאָפֿן. די אָרקאַס[49] האָבן געבלאָזן אין די אַרומיקע שטעגן, האָבן מיר געוואַרט ביזן

47 Ernest Holness, הייצער.

48 painter, אַ קליינער שנור מיט איין עק צוגעבונדן צום פֿאָדערבאָרד פֿון אַ שיפֿל.

49 killer whales אָדער orcas

פֿאַרטאָג, קוקנדיק אויף סימנים פֿון נאָך אַ שפּאַלט אינעם אײַז. די שעהען זײַנען פּאַמעלעך פֿאַרבײַ בעת מיר טוליען זיך אין אַ רעדל אָדער גייען אַהין און צוריק צוליב וואַרעמקייט. מיר האָבן אָנגעצונדן דעם טראָנאויוון דרײַ אַ זייגער פֿ"מ, און מיט ליולקעס און אַ טעפּל הייסער מילך צו יענעם, האָבן מיר זיך טאַקע געקענט פֿילן לײַכטער אויפֿן האַרצן. על־כּל־פּנים זײַנען מיר סוף־כּל־סוף אונטער וועגנס, זאָלן קומען סכּנות און שוועריקייטן, וואָלטן מיר זיי געקענט גובֿר זײַן. מער ניט דאָס אומבאַהאָלפֿענע דרייפֿן בײַ ווינט און שטראָם אין די הענט.



5 די שיפֿלעך אויף אַ קריִע

דער ערשטער גלאַנץ פֿונעם באַגינען איז אָנגעקומען זעקס אַ זייגער פֿ"מ, האָב איך באַזאָרגט געוואַרט אויפֿן העלן טאָג. דער אויפֿלויף איז געוואַקסן, און פֿון צײַט צו צײַט איז אונדזער אײַז נאָענט אַרומגעריגנלט געוואָרן אין ענלעכע שטיקער. האַלב זיבן פֿ"מ האָבן מיר געגעסן אַ הייסן הוש[50], און דערנאָך געשטאַנען וואַרטן ביז דער פּאַק זאָל זיך עפֿענען. די געלעגנהייט איז אָנגעקומען אַכט אַ זייגער, האָבן מיר אַראָפּגעלאָזט די שיפֿלעך אין וואַסער אַרײַן, זיי אָנגעלאָדן, און אָנגעהויבן געפֿינען אַ רוטע דורך די שטעגן אויף צפֿון. דער *דזשעמז קיירד* איז אַפֿריִער געפֿאָרן, דערנאָך דער *סטענקאָם ווילס* און דער *דאָדלי דאָקער* אויף הינטן. כּדי די שיפֿלעך זאָלן זײַן מער ים־פֿעיִק[51] האָבן מיר געהאַט איבערגעלאָזט עטלעכע לאָפּעטעס, קירקעס, און געטריקנטע גרינסן אויף דער קריִע און אַ לאַנגע צײַט האָבן מיר געקענט זען די אַוועקגעוואָרפֿענע זאַפּאַסן ווי אַ

[50] hoosh: אַ געדישעכץ פֿון פּעמיקען (אָוסגעטריקנטע צעמאָלטע שטיקער פֿלייש און פֿעטס), אָפֿט אויך מיט ביסקוויטן אויב פֿאַראַן.
[51] seaworthy

טונקעלער פֿלעק אויפֿן אײַז. די שיפֿלעך זײַנען נאָך אַלץ שווער אָנגעלאָדן. מיר זײַנען אַרויס פֿון די שטעגן, אין אַ מהלך אָפֿן וואַסער עלף אַ זייגער פֿ"מ. ס'האָט זיך געבלאָזן פֿון מיזרח אַ שטאַרק ווינטל, אָבער דער ראַנד פֿון פּאַק אין דער ווײַטנס האָט אונדז באַשירעמט פֿונעם גאַנצן כּוח פֿונעם אויפֿלויף, גלײַך ווי אַ קאָראַל־ריף באַשירעמט אַ טראָפּישן אינדזל פֿון די לאַנגע כוואַליעס[52] אינעם פּאַציפֿיק. אונדזער וועג איז געווען איבערן אָפֿענעם ים און באַלד נאָך האַלבן טאָג זײַנען מיר אַרומגעשוווּנגען אַרום דעם צפֿונדיקן עק פּאַק, גענומען זעגלען[53] אויף מערבֿ, מיטן *דזשעמז קײרד* נאָך אַלץ פֿאָרויס. תּיכּף האָבן די שווער אָנגעלאָדענע שיפֿלעך אָנגעהויבן אַרבעטן שווער[54]. שפּריצן זײַנען אַרײַן[55] וואָס זיי פֿרירן בעת זיי פֿאַלן אַראָפּ, באַדעקנדיק די מענטשן און כּלים מיט אײַז, איז אונדז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז מיר קענען ניט זיכער ווײַטערפֿאָרן. איך האָב אַרומגעדרייט דעם *דזשעמז קײרד*, געלאָפֿן צום אָפּדאַך אינעם פּאַק נאָך אַ מאָל, די אַנדערע שיפֿלעך זעגלען נאָך. צוריק אינעווייניק פֿונעם ראַנד אײַז זײַנען ניט געווען קיין ברעכנדיקע כוואַליעס. אָט דאָס איז געווען דרײַ אַ זייגער נ"מ, און די גאַנצע חבֿרה זײַנען געווען מיד און קאַלט. אַ גרויסער קריִעבאַרג[56] ליגנדיק שטיל פֿאָרויס האָט געכאַפּט דעם בליק און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער האָבן מיר אַרויפֿגעשלעפּט די שיפֿלעך און זיך געלאַגערט איבערצונעכטיקן. ער איז געווען אַ פֿײַנער, גרויסער, בלאָער באַרג, מיט אַ צוציִענדיק מאַסיוון אויסזע, און פֿונעם לאַגער האָבן מיר געהאַט אַ גוטן אויסבליק אויפֿן אַרומיקן ים און אײַז. דער העכסטער שפּיץ איז געווען אַ פֿופֿצן פֿוס איבערן ים. נאָך אַ הייסן מאָלצײַט האָבן אַלע אַחוץ דעם וועכטער זיך אַוועקגעלייגט שלאָפֿן. יעדער איינער האָט זיך געדאַרפֿט אָפּרוען נאָך די צרות פֿון דער פֿריִערדיקער נאַכט און די ניט־געוווּנטע אָנשטרענגונגען פֿון די פֿאַרגאַנגענע 36 שעהען בײַ די רודערס. דער באַרג האָט יאָ אויסגעזען ווי ער קען באַשטיין דעם צעשלאָגנדיקן ים, צו טיף און מאַסיוו צו ווערן שטאַרק אָנגערירט פֿונעם ים־אויפֿלויף, נאָר ער איז ניט אַזוי זיכער געווען ווי מע האָט געמיינט. אַרום האַלבער נאַכט האָט דער וועכטער מיך צוגערופֿן, באַווּיזן, אַז דער שווערער אויפֿלויף פֿונעם צפֿון־מיזרח האָט אונטערגעגראָבן דעם אײַז. אַ גרויס שטיק האָט זיך אַוועקגעבראָכן אַ פֿוס אַכט פֿון מײַן געצעלט. מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט וויפֿל ס'איז מיגלעך אינעם פֿינצטערניש, געפֿונען אַז אויף דער מערבֿדיקער זײַט באַרג ווערט גיך אַוועק די דיקע דעקונג שניי דורך די אָנפֿאַלן פֿון

[52] rollers
[53] “laid a course”
[54] "make heavy weather"
[55] "They shipped sprays …"
[56] floeberg: עפּעס ווי אַן אײַזבאַרג, נאָר ניט פֿון אַ גלעטשער, נאָר געפֿורעמט דורך קריִעס הײַפֿלען זיך אויף אַנדערע קריִעס, געבלאָזן פֿונעם ווינט.

ים. אַן אײַזפֿוס האָט געפֿורעמט פּונקט אונטערן וואַסערשפּיגל. איך האָב בײַ זיך באַשלאָסן אַז ס'איז ניטאָ קיין תּיכּפֿדיקע סכּנה, האָב איך ניט אַרויסגערופֿן די אַנדערע. דער ווינט פֿון צפֿון־מערבֿ האָט זיך פֿאַרשטאַרקט במשך פֿון דער נאַכט.

דער אינדערפֿרי דעם 11טן אַפּריל איז געווען פֿאַרוואָלקנט און נעפּלדיק. בײַם האָריזאָנט איז געווען אַ טומאַן,און דאָס טאָגליכט האָט באַוויזן, אַז דער פּאַק האָט נאָענט אַרומגערינגלט אונדזער באַרג, האָט מען ניט געקענט אַראָפּלאָזן די שיפֿלעך אינעם שווערן אויפֿלויף. מיר האָבן ניט געקענט זען קיין סימן פֿון וואַסער. פֿילצאָליקע וואַלפֿישן און אָרקאַס האָבן געבלאָזן צווישן די קריִעס, און קאַפּטויבן, שטורעם־פֿייגל, און דרומדיקע רוחות[57] זײַנען אַרומגעפֿלויגן אַרום אונדזער באַרג. די סצענע אַרום דעם לאַגער בעת דער טאָג ווערט העלער איז אומבאַשרײַבלעך פּראַכטיק געווען, נאָר איך מוז זיך מודה זײַן, אַז מיר האָבן זי אומרויִק באַטראַכט. הייבנדיקע בערגעלעך פֿון פּאַק און קריִע זײַנען צו אונדז צוגעשווומען אין לאַנגע כוואַליעס, וואָס זיי צעברעכן זיך שפּעטער דאָ און דאָרט, באַווײַזנדיק די טונקעלע פּאַסן פֿון אָפֿן וואַסער. אַז יעדער אויפֿלויף האָט זיך אויפֿגעהויבן אַרום אונדזער גיך אויפֿלייזנדיקן באַרג, האָט ער געטריבן קריִע־אײַז אויפֿן אײַזפֿוס, אָפּשערנדיק אַלץ מער פֿון דער שניידעקונג אויבן, מינערנדיק די גרייס פֿונעם לאַגער. ווען די קריִעס האָבן זיך צוריקגעצויגן כּדי צו מאַכן נאָך אַן אָנפֿאַל, האָט דאָס וואַסער געוויכערט איבערן אײַזפֿוס, וואָס וואַקסט גיך אין דער ברייט. לאַנצירן די שיפֿלעך אין אַזעלכע צושטאַנדן וואָלט געווען שווער. אָבער און ווידער, אַזוי אָפֿט אַז ס'איז געפֿורעמט געוואָרן אַ סטעשקע, זײַנען וואָרסלי, ווילד, און איך אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן העכסטן שפּיץ פֿונעם באַרג, זיך אַרומגעגלאָצט ביז צום האָריזאָנט, זוכנדיק אַ בראָך אין פּאַק. נאָך דעם וואָס אַ סך שעהען זײַנען פּאַמעלעך פֿאַרבײַ האָט זיך באַוויזן ווײַט אַוועק אויפֿן אויפֿלויף־הייב אַ טונקעלער בראָך אינעם וואַרפֿנדיקן אײַזפֿעלד. ס'האָט זיך געדאַכט אַז ס'האָט געדויערט עאָנען, אַזוי פּאַמעלעך איז ער צוגעקומען. איך האָב קינאהדיק באַמערקט די רויִקע פֿרידלעכע באַהאַלטונג פֿון צוויי ים־הינט, וואָס זיי ליגן פֿוילע אויף אַ וויגנדיקער קריִע. זיי איז געווען גאַנץ באַקוועם, האָבן זיי ניט געהאַט קיין סיבה זיך צו באַזאָרגן, מורא צו האָבן. אויב זיי וואָלט לחלוטין אַ טראַכט געטאָן, וואָלטן זיי אים גאַהאַלטן, דעם טאָג, ווי אַן אידעאַלער פֿאַר אַ פֿריידיקער נסיעה אויפֿן קוליענדיקן אײַז. אונדז איז דער טאָג געווען ווי ער קער אונדז פֿירן אין יענער וועלט אַרײַן. מיר דאַכט זיך, אַז קיין מאָל פֿריִער האָב איך זיך ניט געפֿילט אַזוי שאַרף אומרויִק פֿון זײַן דער אָנפֿירער. אַז איך האָב אַראָפּגעקוקט אויפֿן לאַגער, אָפּצורוען די אויגן פֿונעם אָנשטרענג פֿונעם גלאָצן אויפֿן ברייטן ווײַסן

[57] cape pigeons, petrels, and fulmars

געשפּרייט דורכגעשניט פֿון דער איינציקער שוואַרצער באַנד אָפֿענעם וואַסער, האָב איך געקענט זען אַז די באַלייטערס מײַנע וואַרטן מיט אַ שטאַרקן אינטערעס, זיי זאָל זיך דערוויסן וואָס איך האַלט דערפֿון. נאָך גאָר אַ שווערן צוזאַמענשטויס האָט עמעצער זיך שאַרף אָנגערופֿן, "זי האָט זיך צעשפּאַלטן אין מיטן." איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער קוקסטאַנציע, געלאָפֿן ווו די מענטשן קוקן אָן. ס'איז יאָ אַ שפּאַלט געווען, נאָר ס'האָט זיך באַוויזן צו זײַן בלויז אַן אייבערפֿלאַך־שפּאַלט אינעם שניי, מיט ניט קיין סימן אַז דער באַרג גופֿא צעשפּאַלט זיך. דער סטאָליער האָט באַרוט דערמאָנט, אַז פֿריִער דעם טאָג איז ער אַוועקגעפֿאָרן אויף אַ שטיק אײַז. ער איז געשטאַנען בײַם ראַנד פֿונעם לאַגערשטח, איז דאָס אײַז אונטער די פֿיס אַוועק פֿון דער גרעסערער מאַסע. אַ גיכער שפּרונג איבערן וואַקסנדיקן שפּאַלט האָט אים געראַטעוועט.

די שעהען האָבן זיך לאַנג אויסגעצויגן. איינע פֿון די דאגות אויפֿן האַרצן איז געווען די מיגלעכקייט אַז דער שטראָם וועט אונדז טרײַבן דורכן מהלך, 80 מײַל אין דער ברייט, צווישן קלאַרענס־אינדזל און פּרינץ־דזשאָרדזש־אינדזל אין אָפֿענעם אַטלאַנטיק אָרײַן; נאָר פּאַמעלעך איז דאָס אָפֿענע וואַסער נעענטער געקומען, אום האַלבן טאָג האָט עס אונדז שיִער ניט דערגרייכט. אַ לאַנגער שפּאַליר, אַן ענגער נאָר אַ שיפּיקער, האָט זיך אויסגעצויגן בוז צום דרום־מערבדיקן האָריזאָנט. אונדזער שאַנס איז אַ ביסל שפּעטער געקומען. מיר האָבן אײַליק געשיקט די שיפֿלעך איבערן קאַנט פֿונעם וויגנדיקן באַרג, זיי געדרייט אַוועק פֿונעם אײַזפֿוס בעת ער הייבט זיך אויף אונטער זיי. דער *דזשעמז קיירד* איז שיִער ניט איבערגעקערט געוואָרן דורך אַ קלאַפּ פֿון אונטן בעת דער באַרג קײַקלט זיך אַוועק, נאָר ער איז אָנגעקומען אינעם טיפֿן וואַסער. מיר האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן זאַפּאַסן און כּלים און במשך פֿון עטלעכע מינוטן זײַנען מיר אַוועק. דער *דזשעמז קיירד* און דער *דאָדלי דאָקער* האָבן געהאַט גוטע זעגלען און מיט אַ גינציקן ווינטל האָבן זיי געקענט פּראָגרעסירן לענג־אויס דעם שפּאַליר, מיט די קאַטשנדיקע פֿעלדער אײַז אויף ביידע זײַטן. דער ים־אויפֿלויף איז שווער געווען און אַ שפּריץ האָט זיך צעבראָכן איבער די קריִעס. אַ פּרוּוו אויפֿצושטעלן אַ קליינע שמאַטע זעגל אויפֿן *סטענקאָם ווילס* האָט אונדז לאַנג פֿאַרהאַלטן. די גרייס פֿונעם זעגל איז צו קליין געווען צו זײַן ניצלעך, און בעת מע האָט מיט אים געאַרבעט, האָט דאָס שיפֿל צוגעדרייפֿט צו דער קריִע צו, ווו ס'קער זײַן סכּנהדיק. דערזעענדיק זײַן קלעם, האָב איך נאָך אים צוריקגעשיקט דעם *דאָדלי דאָקער*, דערווײַל פֿאַרבינדנדיק דעם *דזשעמז קיירד* בײַ אַ שטיק אײַז. דער *דאָדלי דאָקער* האָט געדאַרפֿט בוקסירן דעם *סטענקאָם ווילס*, האָט אונדז דער אָפּהאַלט פֿאַרלוירן צוויי שעה טײַער טאָגליכט. ווען איך האָב געהאַט די דרײַ שיפֿלעך נאָך אַ מאָל

צוזאַמען, זײַנען מיר ווײַטער אַראָפּ לענג־אויס דעם שפּאַליר, און באַלד האָב איך דערזען אַ ברייטערן מהלח וואַסער אויף מערבֿ; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'וועט אונדז אַרויסלאָזן פֿונעם אָנהאַלט פֿונעם פּאַק. צוקאָפּענס פֿון אַן אײַזצונג[58], וואָס האָט כמעט פֿאַרמאַכט דעם אײַנרײַס וואָס דורך אים קענען מיר אַרײַנקומען אינעם אָפֿענעם אָרט, איז געווען אַ כוואַליע־אָפּגעשווענקטער באַרג, אויסגעפֿורעמט ווי עפּעס אַ טשיקאַווע פֿאַרן־מובל פֿאַרזעעניש, ווי אַן אײַזיקער צערבערוס[59] וואָס היט אָפּ דעם וועג. ער האָט אַ קאָפּ געהאַט און אויגן, און האָט זיך אַזוי שווער געקאַטשעט, אַז ער האָט זיך שיִער ניט קאַפּויערגעוואָרפֿן. די זײַטן זײַנע האָבן זיך טיף אײַנגעטונקט אין ים אַרײַן, און בעת ער האָט זיך נאָך אַ מאָל אויפֿגעהויבן האָט דאָס וואַסער אויסגעזען ווי שראָמנדיק פֿון די אויגן זײַנע, עלעהיי ער האָט זיך צעוויינט וואָס מיר זײַנען אַרויס פֿונעם אָנכאַפּ פֿון די קריִעס. אפֿשר וועט דאָס דער לייענער האַלטן פֿאַר אַ פֿאַנטאַזיע, אָבער בײַ אונדז איז דער רושם דעמאָלט געווען אַן אמתער. די וואָס ווינען אין אַ ציוויליזירטן מצבֿ, אַרומגערינגלט מיט אַלערליי מינים לעבן און מיט די אַלע היימישע ווערק פֿון די אייגענע הענט, קענען קוים פֿאַרשטיין, ווי גיך דער מוח, אונטער דער השפּעה פֿון די אויגן, רופֿט זיך אָפּ אויף אַ מאָדנעקייט און וועבט אַרום איר טשיקאַווע בילדער ווי די פֿײַערליכט־פֿאַנטאַזיעס פֿון די קינדעריאָרן. מיר האָבן שוין לאַנג געוווינט אין מיטן אײַז, האָבן מיר זיך האַלב אומוויסיק באַמיט צו דערזען ענלעכקייטן צו מענטשלעכע פּנימער און לעבעדיקע פֿאָרמען אין די פֿאַנטאַסטישע קאָנטורן און גאָר גראָבע געשטאַלטן פֿון באַרג און קריִע.



6 די שיפֿלעך אין מיטן אײַז

---

[58] ice-tongue: אַ פֿאַרלענגערונג פֿון אַ גלעטשער (אָדער, דאָ, פֿון זייער "קריִעבאַרג") שווימנדיק אויפֿן וואַסער, ספּעציעל אַ לאַנגע, ענגע, ווי אַ צונג.

[59] Cerberus: אַ גרויסער הונט מיט עטלעכע (דרײַ, געוויינטלעך) קעפּ, ער האַלט וואַך בײַ די טויערן פֿון היידיז (Hades).

פֿאַר נאַכט האָבן מיר זיך צוגעבונדן צו אַ שווערער קריִע, יעדער שיפֿל מיט זײַן שטריקל אויף אַ באַזונדער קויפּל, זיי זאָלן זיך ניט צונויפֿשטויסן אינעם ים־אויפֿלויף. מיר האָבן אַרויסגעזעצט דעם טראָנאַויוון, אויפֿגעזאָטן וואַסער פֿאַר הייסער מילך, מיט קאַלטע ראַציעס. אויך האָב איך אַרויסגעזעצט די קופּאָל־געצעלטן און אַראָפּגעצויגן די דעקונגען פֿון די רייפֿן. די איבערלעבונג פֿון נעכטן אויפֿן ברייטן ים האָט אונדז באַוויזן, אַז די געצעלטן מוז מען אײַנפּאַקן אָנגעצויגן. דער שפּריץ האָט זיך צעשפּרייט איבערן פֿאָדערבאָרד, פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אויפֿן טוך, וואָס איז באַלד געפֿערלעך שווער געוואָרן. אַנדערע שטיקער פֿון אונדזער קנאַפּ געצײַג האָט מען געדאַרפֿט אַרויסוואַרפֿן די נאַכט. מיר האָבן געהאַט געטראָגן ניט מער ווי די נייטיקסטע זאַכן, אָבער איצט האָבן מיר רעדוצירט די זאַכן פּונקט ביזן גרענעץ פֿון סכּנה. מיר האָבן געהאָפֿט אויף אַ שטילער נאַכט, אָבער באַלד האָבן מיר זיך געדאַרפֿט אָפּבינדן, ווײַל שטיקער פֿרײַ אײַז האָבן אָנגעהויבן אַרומקריכן אַרום דער קריִע. דרייפֿנדיק אײַז איז אַלע מאָל צוגעצויגן צו דער ווינט־אַראָפּ־זײַט[60] פֿון אַ שווערער קריִע, ווו עס שטויסט זיך און דריקט צוליב דער השפּעה פֿונעם שטראָם. איך האָב בײַ זיך באַשלאָסן מיר זאָלן ניט ריזיקירן מיט אַן איבערחזרונג פֿון דער איבערלעבונג נעכטן בײַ נאַכט, דערפֿאַר האָבן מיר ניט אַרויפֿגעשלעפּט די שיפֿלעך. מיר האָבן פֿאַרבראַכט די שעהען חושך האַלטן זיך אַוועק[61] פֿון דער הויפּט־ליניע פּאַק ווינט־אַראָפּ[62] פֿון די קלענערע שטיקלעך. כּסדרדיקע רעגן און שניי־סקוואַלן[63] האָבן פֿאַרשטעלן די שטערן און אונדז דורכגעווייקט, און פֿון צײַט צו צײַט איז געווען נאָר דורכן שרײַען אויף אַ קול איינער דעם אַנדערן וואָס מיר האָבן זיך אויסגעמיטלט די שיפֿלעך צוזאַמען צו האַלטן. קיינער האָט ניט געקענט שלאָפֿן צוליב דער האַרבער קעלט, האָבן מיר זיך ניט דערוועגט רודערן גענוג גיך זיך וואַרעם צו האַלטן, מחמת מיר נאָבן ניט געקענט זען מער ווי עטלעכע יאַרדן פֿאָרויס. ווען ניט ווען האָבן די שדישע שאָטנס פֿון סילבערנע, שנייִקע, און רוחישע שטורעם־פֿייגל[64] אויפֿגעבליצט נאָענט צו אונדז און אַרום און אַרום האָבן מיר געקענט הערן דאָס בלאָזן פֿון די אָרקאַס, דאָס קורצע, שאַרפֿע צישען קלינגענדיק ווי אַ פּלוצעמדיק אויסבלאָזן פֿון פּאַרע. די אָרקאַס זײַנען אונדז געווען אַ קוואַל פֿון פּחד, מחמת איינע וואָס טונקעט אויף צו בלאָזן האָט גרינג געקענט איבערקערן אַ שיפֿל. זיי פֿלעגן קאַלטבלוטיק אַוועקוואַרפֿן שטיקער אײַז אַ סך גרעסער ווי די שיפֿלעך אַז זיי שווימען אַרויף אויפֿן שפּיגל, זײַנען מיר אומרויִק געווען, וואָס די ווײַסע דנאָען פֿון די שיפֿלעך

[60] lee[ward] side
[61] … keeping an offing …
[62] alee
[63] snow squalls
[64] silver, snow, and fulmar petrels

וואָלטן פֿון אונטן אויסגעזען ווי אײַז. שיפֿבראָכיקע מאַטראָסן דרייפֿנדיק אויפֿן אַנטאַרקטישן ים וואָלטן געוועזן עפּעס וואָס חלומט זיך ניט אין די אָרקאַס פֿילאָסאָפֿיע[65], נאָר זיי האָבן געקענט אויסזען מיט אַ נעענטערן קוק ווי געשמאַקע סוראָגאַטן פֿאַר ים־הינט און פּענגווינען. אַוודאי האָבן מיר די אָרקאַס מיט חששים באַטראַכטעט.

פֿרי אין דער פֿרי דעם 12טן אַפּריל איז דער וועטער בעסער געוואָרן, דער ווינט לײַכטער. דער באַגינען איז אָנגעקומען מיט אַ קלאָרן הימל, קאַלט און אומבאַשראָקן[66]. איך האָב אַ קוק געטאָן אַרום אויף די פּנימער פֿון מײַנע באַלייטערס אינעם *דזשעמז קיירד* און האָב געזען אײַנגעפֿאַלענע און אָפּגעצערטע געזיכטן. די אָנשטרענגונגען האָבן זיך שוין באַוויזן. ווילד איז געזעסן בײַ דער קערמע, מיט דער זעלביקער רויִקער, זיכערער מינע, ווי ער וואָלט געווען בײַ גליקלעכערע צושטאַנדן; זײַנע שטאָל־בלאָע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט אויפֿן קומעדיקן טאָג. די אַלע לײַט, אַפֿילו מיט די קלאָרע יסורים, האָבן געטאָן וואָס מע קען צו זײַן מונטער, אָנגעמוטיקט פֿונעם אויסבליק פֿון אַ הייסן פֿרישטיק. איך האָב געזאָגט די אַלע שיפֿלעך, אַז באַלד ווי מיר האָבן געקענט געפֿינען אַ פּאַסיקע קריִע, וועט מען אָנצינדן דעם אויוון, וועט הייסע מילך און באָווריל[67] מאַכן בײַ אַלע לײַכטער אויפֿן האָרצן. ווײַטער האָבן מיר געראָדערט אויף מערבֿ דורך אָפֿענעם פּאַק, קריִעס פֿון אַלערליי פֿאָרמען און גרייסן אויף אַלע זײַטן, און יעדער וואָס האָט זיך ניט פֿאַרנומען מיט רודערן האָט זיך שטאַרק אַרומגעקוקט, געזוכט אַ טויגעוודיקן לאַגעראָרט. איך האָב געקענט אָפּמעסטן דעם באַגער נאָך עסן בײַ יעדער פֿונעם חשק וואָס זיי האָבן באַוויזן אַז זיי טײַטלען מיר אויף די קריִעס וואָס זיי האַלטן פֿאַר פּונקט צו אונדזער ציל. די טעמפּעראַטור איז געווען אַ 10° פֿאַרנהײַט, און די בערבערי[68]־גאַרניטערס פֿון די רודערערס האָבן געקנאַקלט בעת די מענטשן האָבן זיך אָנגעבויגן צו די רודערס. איך האָב דערזען קליינע שטיקלעך אײַז און געפֿריר אַראָפּפֿאַלנדיק פֿון אָרעמס און קערפּערס. אַכט אַ זייגער האָט זיך אויף פֿאָרנט באַוויזן אַן אָרנטלעכע קריִע, האָבן מיר זיך אַהין געשלעפּט. די קיך האָט מען אַרויסגעזעצט, און באַלד האָט זיך אויפֿגעהויבן די אָנגעלייגטע פּאַרע פֿונעם קאָכנדיקן עסן, בעת דער טראָנאַויוון פֿלאַקערט און רייכערט. קיין מאָל האָט אַ קוכער ניט געדאַרפֿט אַרבעטן אונטער אַזאַ גיריקן, נערוועזן אײַנקוק. וואָרסלי, קרין, און איך זײַנען געבליבן יעדער אין זײַן שיפֿל, כּדי זיי צו האַלטן פֿעסט, אויסצומײַדן צונויפֿשטויסן מיט דער קריִע, וואָרן דער ים־אויפֿלויף האָט

[65] געצונמען פֿון שייקספּירס "האַמלעט"

[66] אַזוי באַשרײַבט ער דעם באַגינען.

[67] Bovril: אַ דיקער, געזאַלצענער עקסטראַקט פֿון פֿלייש. אַ מין בוליאָן.

[68] Burberry: אַ מין רעקל (אַ נאָמען נאָך דעם פֿאַבריקאַנט), מיט ענג־אָנגעוועבטן שטאָף, ווינד־ און וואַסער־באַוואָרנט.

נאָך אַלץ *שטאַרק* געשראָמט, אָבער די אַנדערע מענטשן האָבן געקענט אויסציִען די געקאָרטשטע אבֿרים, לויפֿנדיק אַהין און צוריק "אין דער קיך", ווי עמעצער האָט געזאָגט. די זון איז איצט גלאָריעדיק אויפֿגעגאַנגען. די בערבערי־גאַרניטערס האָבן זיך געטריקנט און דאָס אײַז איז צעגאַנגען פֿון די בערד. דאָס פּאַראַדיקע עסן האָט אונדז געגעבן נײַע קראַפֿט, און אין ניט מער ווי דרײַ פֿערטל שעה האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן אויף מערבֿ מיט די אַלע זעגלען אויפֿגעשלאָגן. מיר האָבן געהאַט געגעבן דעם *סטענקאָם ווילס* נאָך אַ זעגל, האָט ער געקענט מיט אונדז גוט מיטהאַלטן. מיר האָבן געקענט זען, אַז מיר זײַנען געווען בײַם אמתן פּאַקראַנד, מיטן בלאָען, קײַקלענדיקן ים פּונקט אויסנווייניק פֿון די אײַזפֿרענדז אויף צפֿון. ווײַס־געמיצלטע כוואַליעס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן מיט די בלאַנקענדיקע קריִעס אין אַ ראָם פֿון בלאָען וואַסער, אָן אַ שיעור ים־הינד האָבן זיך געוואַרעמט און געקײַקלט אויף יעדער שטיק אײַז געגוג גרויס צו פּאַסן פֿאַר אַ פּליט.

מיר האָבן זיך גערוקט אויף מערבֿ מיט רודערס און זעגלען זינט דעם 9טן אַפּריל, און גינציקע ווינטן פֿון מיזרח האָבן זיך אײַנגעשטעלט. מע האָט אַרויסגעקוקט מיט שטאַרקער האָפֿענונג אויף דער מיטאָגדיקער אָבסערוואַציע פֿון פֿלאַציר. די בעלי־בטחון האָבן געהאַלטן אַז מיר זײַנען שוין זעקציק מײַלן פֿאָרויס צום ציל, און דער געהיטסטער טרעף האָט אונדז געגעבן ניט ווייניקער ווי דרײַסיק מײַלן. די העלע זון מיט דער גלאַנציקער סצענע פֿאַר די אויגן האָבן אפֿשר געהאַט אַ השפּעה אויף אונדזערע אַרויסקוקן. ווען ס'איז אָנגעקומען האַלבער טאָג האָב איך געזען וואָרסלי, ווי נאַוויגאַטאָר, באַלאַנסירן זיך אויפֿן שיפֿקאַנט[69] פּונעם *דאָדלי דאָקער* מיט זײַן אָרעם אַרום מאַסטבוים, גרייט אַראָפּצוכאַפּן די זון.[70] ער האָט געקראָגן די אָבסערוואַציע און מיר אַלע האָבן להוט געוואַרט בעת ער רעכנט אויס די מאָס.[71] דעמאָלט האָט דער *דאָדלי דאָקער* זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דעם *דזשעמז קיירד*, בין איך אַרײַנגעשפּרונגען אין וואָרסליס שיפֿל אַרײַן, כּדי זיך צו דערוויסן דעם רעזולטאַט. ס'איז געווען אַן אָנגעווייטיקטע אַנטוישונג. אָנשטאָט פֿאָרן אַ היפּשן לויף אויף מערבֿ, האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסן דרייף אויף דרום־מיזרח. מיר זײַנען טאַקע געווען דרײַסיק מײַלן אויף מיזרח פֿונעם אָרט ווו מיר האָבן זיך געהאַט געפֿונען ווען מיר זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿונעם אײַז דעם 9טן. די ים־הינט־יעגערס אין דעם דאָזיקן געגנט האָבן באַמערקט אַז אָפֿט זײַנען דאָ *שטאַרקע שטראָמען*[72] אויף מיזרח אין די בעלדזשיקע־דורכגאָסן[73], און בלי־ספֿק

---

[69] gunwale (אַרויסגערעדט "gunnel" אויף ענגליש): דער אויבן פֿון די זײַטן פֿון אַ שיפֿל.

[70] "...ready to snap the sun.": מעסטן די הייך פֿון דער זון צו באַשטימען דעם פּלאַציר.

[71] "... worked out the sight."

[72] "sets": געוויינטלעך אויף ענגליש איז "set" טײַטש "די ריכטונג פֿון אַ שטראָם וואַסער צי ווינט; דאָ ניצט ער דאָס וואָרט ווי אַ סינאָנים פֿאַר "שטראָם: current"

האָבן מיר איבערגעלעבט אַזאַ שטראָם. דאָס וואָלט לכתּחילה געשטאַמט פֿון אַ בורע פֿון צפֿון־מערבֿ ניט ווײַט פֿון קאַפּ־האָרן[74], אויפֿרוקנדיק דעם ים־אויפֿלויף וואָס האָט אונדז שוין אַזוי פֿיל צרות געבראַכט. נאָך אַ געשעפּטשעטער עצה־האַלטונג מיט וואָרסלין און ווילדן, האָב איך אָנגעזאָגט אַז מיר זײַנען ניט אַזוי ווײַט פֿאָרויס ווי מע האַט זיך גערעכנט, אָבער איך האָב זיי ניט געלאָזט וויסן אַז מיר פֿאָרן אויף צוריק.

מע האָט איצט געדאַרפֿט ווײַטער טראַכטן וועגן דעם גאַנג. אָפּנאַר־אינדזל האָט זיך אויסגעוויזן ווי ניט צו דערגייכן. דערווינט איז געווען שלעכט[75] צוצופֿאָרן צום העלפֿאַנד־אינדזל, און אַז דער ים איז אָפֿן געווען אויף דרום־מערבֿ, האָב איך מיט וואָרסלין און ווילדן אַרומגערעדט צי אפֿשר זאָלן מיר צופֿאָרן צו האָפֿענונג־בוכטע[76] אויפֿן אַנטאַרקטישן יאָדערלאַנד גופֿא, איצט נאָר ווײַט 80 מײַלן. העלפֿאַנד־אינדזל איז געווען די נאָענסטע יבשה נאָר ער איז געלעגן אויסער דעם פּאַק גופֿא, און אַפֿילו וואָלט דער ווינט געווען גוט, וואָלטן מיר זיך געקווענקלט פּונקט דעמאָלט שטיין אַנטקעגן די הויכע כוואַליעס וואָס לויפֿן אינעם אָפֿן. מיר האָבן געקערעוועט מער־ווייניקער צו האָפֿענונג־בוכטע צו, זײַנען די שיפֿלעך נאָך אַ מאָל ווײַטער געפֿאָרן. איך האָב וואָרסלין געגעבן אַ ריכטונג[77] צו אַ באַרג פֿאָרויס, האָב אים געזאָגט, מיר זאָלן זיך דאָרט צובינדן[78], אויב מיגלעך, איידער ס'ווערט טונקל. ס'איז דעמאָלט געווען אַ דרײַ אַ זייגער נאָך מיטאָג. מיר האָבן אָפּגעשיפֿט, און ווײַל דער *סטענקאָם ווילס* האָט ניט געקענט האַלטן מיט די אַנדערע צוויי שיפֿלעך, האָב איך אים גענומען ציִען, האָב גאָר נישט געוואָלט אַ צווייטע איבערלעבונג פֿון אָט דעם טאָג ווען מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם וויגנדיקן באַרג. דער *דאָדלי דאָקער* איז געפֿאָרן פֿאָרויס, אָבער זי איז גיך צו אונדז צוריקגעקומען[79] פֿאַר נאַכט. וואָרסלי איז געהאַט געווען נאָענט צום באַרג, האָר ער געמאָלדן, אַז צוגאַנג איז אוממיגלעך. ס'האָט זיך געקײַקלט אינעם אויפֿלויף, באַווײַזן אַ בייזן אײַזפֿוס. שלעכטע נײַעס. אין דער אָפּטונקלענדיקער ליכט האָבן מיר זיך פֿאַרנומען צו אַ פּאַס פּעק, וואָס האָט זיך באַוויזן אַזוי צעוואָרפֿן און צעמישט פֿונעם ים, אַז ס'איז ניט געבליבן קיין שטיקל גענוג גרויס פֿאַרן אַנקערפּלאַץ[80] און האַרבעריק. ווײַט צוויי מײַלן האָבן מיר געקענט זען אַ גרעסער

[73] Belgica straits
[74] … off Cape Horn
[75] אין ים־זשאַרגאָן איז דאָס "foul"
[76] Hope Bay
[77] "line", ד"ה, אַ "bearing"
[78] "make fast"
[79] "beating down towards us"
[80] "anchorage"

שטיק אײַז, וואָס צו אים האָבן מיר זיך באַהויבן, קוים מיט צרות, פֿעסט צו מאַכן. איך האָב געבראַכט מײַן שיפּל מיטן פֿאָדערבאָרד אויף דער קריִע, בעת האַו[81], מיטן שטריקל אין דער האַנט, איז געשטאַנען גרייט צו שפּרינגען. שטייענדיק הויך, האַלטן וואַך אויף אונדזער שאַנס, מיט די רודערס גרייט צוריקצושטויסן תּיכּף האַו איז געשפּרונגען, האָב איך געקענט זען, אַז ס'איז אין גאַנצן אוממיגלעך אײַנשטעלן די קיך אויפֿן אײַז די נאַכט. האַו האָט קוים באַהויבן צו געפֿינען אַן אָנשטעל אויפֿן ברעג קריִע, האָט פֿעסט געבונדן דאָס שטריקל אויף אַ אײַז־האָרבל[82]. די אַנדערע צוויי שיפֿלעך האָט מען פֿעסט געמאַכט לעבן דעם *דזשעמז קיירד*. זיי האָבן ניט געקענט לייגן אויף הינטערבאָרד[83] פֿון אונדז אין אַ ריי, מחמת די שטחים אײַז וואָס קומען צו דרייפֿן אַרום דער קריִע, צונויפֿקלײַבנדיק זיך פֿון איר ווינט־אַראָפּ[84]. ווי ס'איז געשען האָבן מיר פֿאַרבאַרכט די נאָענטסטע צוויי שעה מיט סלופּעס אַוועקשטופּן[85] דאָס דרייפֿנדיקע אײַז וואָס פֿלייצט צו אונדז צו. דעם טראָנאויוון האָט מען ניט געקענט ניצן, האָבן מיר אָנגעצונדן די פּרימוס-לאָמפּן[86]. ס'איז געווען אַ רויער, צעהאַקטער[87] ים, און דער *דאָדלי דאָקער* האָט ניט געקענט אָנצינדן דעם פּרימוס, עפּעס דאַכט זיך איז פֿאַרלוירן געוואָרן. די קאָמאַנדע פֿון אָט דעם שיפּל האָט געדאַרפֿט וואַרטן ביז דער קוכער אויפֿן *דזשעמז קיירד* האָט אויפֿגעוועלט דאָס ערשטע טעפּל מילך.

די שיפֿלעך האָבן זיך אַזוי שווער אָנגעשטויסן, אַז איך האָב געדאַרפֿט פֿאַרלויזן דאָס שטריקל פֿונעם *סטענקאָם ווילס*, זי אָפּגעלייגט אויף הינטערבאָרד. אַ סך אײַז איז אַרומגעקומען אַרום דער קריִע, וואָס מע האָט זיי געדאַרפֿט אָפּשטופּן מיט סלופּעס. דעמאָלט האָט דער *דאָדלי דאָקער*, וואָס איז דאָס שווערערע שיפּל, אָנגעהויבן באַשעדיקן דעם *דזשעמז קיירד*, האָב איך אַוועקגעלויזט דעם *דאָדלי דאָקער*. דער *דזשעמז קיירד* איז געבליבן פֿעסט געבונדן צום אײַז, מיטן *דאָדלי דאָקער* און דעם *סטענקאָם ווילס* אין אַ ריי אויף הינטן. ס'איז שטאָק פֿינצטער געוואָרן, האָבן מיר געקוקט מיט אויגן כּדי צו דערזען די שטיקער אײַז וואָס זיי שטעלן אונדז אין סכּנה. אָט־אָט האָבן מיר געמיינט, אַז מיר זעען אַ גרויסן באַרג אָנקומענדיק אויף אונדז, זײַן געשטאַלט אָנגעוואָרפֿן אויפֿן הימל, אָבער דער אָ אויפֿשרעקנדיקער ספּעקטאַקל האָט זיך באַוויזן פֿאַר אַ נידעריקן וואָלקן פֿאַר דער אויפֿגייענדיקער לבֿנה. די לבֿנה האָט זיך באַוויזן אין אַ קלאָרן הימל. דער ווינט איז

81 Walter Howe, מאַטראָס
82 hummock
83 astern
84 under its lee
85 poling off
86 Primus lamps: אין דעם פֿאַל טאַקע אַן אויוונס, ניט קיין לאָמפּן, וואָס זיי ברענען צעפּאַרעטן בענצין אָדער נאַפֿט.
87 choppy

אַרום פֿונעם מערבֿ־מיזרח בעת ס'קומט אָן דעם באַגינען, האָט געטריבן די שיפֿלעך ברייטוויַיז[88] צום צאַקיקן ברעג פֿון דער קריִע. מיר האָבן געדאַרפֿט אָפּשניטן דאָס שטריקל פֿונעם *דזשעמז קיירד* און אים אַוועקשטופּן מיט סלופּעס, אָנווערן דערמיט אַ היפּש שטיקל ווערטיקע שטריק – ניט געווען קיין צייַט אָפּצובינדן[89]. דערנאָך האָבן מיר זיך אַוועקגעשטופּט פֿון דער קריִע, זיַינען מיר געלעגן די גאַנצע נאַכט אינעם אָפֿענעם, פֿרירנדיקן ים, דער *דאָדלי דאָקער* איצט פֿאָרויס, דער *דזשעמז קיירד* אויף הינטערבאָרד פֿון אים, און דער *סטענקאָם ווילס* דער דריטער אין דער ריי, די שיפֿלעך צוגעבונדן איינער צום צווייטן מיט די שטריקלעך. מערסטנס האָט דער *דאָדלי דאָקער* אַרויפֿגעהאַלטן דעם *דזשעמז קיירד* און דעם *סטענקאָם ווילס* אַויפֿן ים־אויפֿלויף[90], און די וואָס רודערן איז בעסער געגאַנגען ווי יענע אין די אַנדערע שיפֿלעך, וואַרטנדיק ליידיק אויפֿן באַגינען. די טעמפּעראַטור איז אַראָפּ ביז 4°-, און די ים־אייבערפֿלאַך איז פֿאַרלאָפֿן געוואָרן מיט אײַז. די וואָס האַלטן וואַך ניט זיַינען געלעגן אין אַ רעדל זיך צוגעטוליעט צוליב וואַרעמקייט. די פֿאַרפֿרוירענע קליידער זיַינען צעגאַנגען ווו די קערפּער רירן זיך אָן, און צוליב דעם, וואָס די קלענסטע באַוועגונג האָט אויפֿגעדעקט אָט די לפּי־ערך וואַרעמע ערטער צו דער בײַסנדיקער לופֿט, האָבן מיר זיך צוגעטוליעט אומבאַוועגלעך, יעדער שעפּשענדיק זיַין קאָמפּאַניאָן די האָפֿענונגען און געדאַנקען. פֿון צייַט צו צייַט זיַינען געקומען שנייעלעך, פֿון אַ כּמעט קלאָרן הימל, פֿאַלנדיק שטיל איִיפֿן ים, אַוועקלייגנדיק דינע וויַיסע תּכריכים איבער אונדזערע קערפּער און שיפֿלעך.

דעם 13טן אַפּריל איז דער קאַיאָר אָנגעקומען אַ קלאָרער און אַ העלער, מיט פֿאַרבײַגייענדיקע וואָלקנס אַ מאָל. ס'רובֿ מענטשן האָבן אויסגעזען שטאַרק אויסגעמאַטערט און אָנגעשטרענגט. די ליפּן זיַינען געווען צעשפּאָלטן און די אויגן מיט די לעדלעך האָבן זיך באַוויזן רויט אין די זאַלץ־פֿאַרסקאָרעט פּנימער. די בערד אַפֿילו בײַ די ייִנגערע לײַט האָבן געקענט זיַין ווי די בײַ די פּאַטריאַרכן, צוליב דעם פֿראָסט און זאַלצשפּריץ וואָס האָט זיי וויַיס געמאַכט. איך האָב גערופֿן דעם *דאָדלי דאָקער*, ער זאָל צוקומען זיַיט בײַ זיַיט צו אונדז, און געפֿונען, אַז דער מצבֿ פֿון זיַין מאַנשאַפֿט איז ניט בעסער ווי בײַ די אינעם *דזשעמז קיירד*. ס'איז קלאָר געווען, אַז מיר מוזן גיך אָנקומען בײַ דער יבשה[91], האָב איך באַשלאָסן צוצולויפֿן צו העלפֿאַנד־אינדזל. דער ווינט האָט זיך איבערגערוקט צו אָט דעם שטיינערנעם אינדזל צו[92], וויַיט איצט אַ הונדערט מיַיל, און דער איַיזפּאַק וואָס

broadside [88]
cast off [89]
[90] "… kept … up to the swell" ד"ה, נאָר די מאַנשאַפֿט אינעם ערשטן שיפֿל האָט גערודערט, פּאַמעלעך, בוקסירנדיק די צוויי אַנדערע, די שיפֿלעך זאָלן ניט געדרייט ווערן ברייטוויַיז צום אויפֿלויף.
"make land" [91]
"shifted fair for …" [92]

צעשייד אונדז פֿון האָפֿענונג־בוכטע איז בעת דער נאַכט ענגער געוואָרן, זיך צוגעמאַכט פֿונעם דרום. זעקס אַ זייגער נ"מ האָבן מיר אויסגעטיילט די זאַפּאַסן צווישן די דרײַ שיפֿלעך, טאָמער מיר זאָלן צעשייט ווערן. דאָס צוגרייטן אַ הייסן פֿרישטיק איז געווען גאָר אוממיגלעך. ס'איז געווען אַ שטאַרק ווינטל און דער ים איז הויך געלאָפֿן אינעם לויזן פּאַק אַרום און אַרום. מיר האָבן געגעסן אַ קאַלטן מאָלצײַט, און איך האָב געהייסן, אַז אַלע זאָלן עסן אַזוי פֿיל ווי זיי ווילן, די אָ הנחה טיילווײַז מחמת מיר וועלן דאַרפֿן אַוועקוואַרפֿן אַ טייל פֿון די זאַפּאַסן ווען מיר קומאָן אָן אינעם אָפֿענעם ים, כּדי צו פֿאַרלײַכטערן די שיפֿלעך. דערצו האָב איך געהאָפֿט, אַז אַ פֿולער מאָלצײַט, אַבי אַ קאַלטער, זאָל פֿאַרגיטיגן ביז אַ געוויסער מאָס דעם דוחק אין וואַרעמען עסן און אָפּדאַך. צום באַדויערן האָבן געציילטע מענטשן ניט געקענט עסן דאָס איבעריקע עסן צוליב ים־קראַנקהייט. נעבעכדיקע יונגען, ס'איז געווען געגנוג שלעכט זיך טוליען אין אַ רעדל אין די שווער־געלאָדענע, פֿאַרשפּריצטע שיפֿלעך, אָפּגעפֿרוירן און האַלב פֿאַרפֿרוירן, אָן דער פּײַניקונג פֿון ים־קראַנקהייט צוגעשטעלט אויפֿן חשבון פֿון צרות. נאָר עטלעכע שמייכלען האָבן זיך באַוויזן צוליב דער קלעם פֿון איין מענטש, וואָס ער פֿלעגט אָנקלײַבן שטיקער עסן טאָמער ס'וועט קומען אַ טאָג מיט הונגערטויט, וואָס ער האַלט שטענדיק פֿאַר נאָענט; איצט איז ער פֿאַרמישפּט געוואָרן אָנצוקוקן אָן כּוח בעת די הונגעריקע חבֿרים מיט ניט־געשטערטע מאָגנס האָבן וואָס גיכער פֿאַרשלונגען ביסקוויטן, ראַציעס, און צוקער.

מיר זײַנען געלאָפֿן פֿאַרן ווינט[93] דורכן לויזן פּאַק, אַ מענטש אינעם פֿאָדערבאָרד פֿון יעדער שיפֿל, פּרוּוונדיק אַוועקצושטויסן מיט אַ צעבראָכענעם רודער די הרודעס אײַז וואָס מיר האָבן זיי ניט געקענט אויסמײַדן. איך האָב געהאַלטן אַז גיכקייט איז עיקרדיק. אַ מאָל איז געקומען אַ צוזאַמענשטויס. דער *דזשעמז קיירד* איז אַפֿריִער גאַאַנגען, האָט ער געדאַרפֿט פֿאַרטראָגן דעם כּוח פֿון די אָנשטויסנדיקע שטיקער, איז ער דורכגעלאָכערט געוואָרן העכער פֿון דער וואַסער־ליניע דורך אַ שאַרפֿן שפּאָר פֿון אײַז, נאָר אַפֿילו די אָ סיבה האָט אונדז ניט אָפּגעשטעלט. שפּעטער איז דער ווינט שטאַרקער געוואָרן, האָבן מיר געדאַרפֿט רעדוצירן זעגלען[94], כּדי זיך ניט אָנשלאָגן צו שווער אויפֿן אײַז. דער *דאָדלי דאָקער* איז געקומען דער צווייטער, נאָכן *דזשעמז קיירד*, איז דער *סטענקאָם ווילס* נאָכגעקומען. איך האָב געהייסן די שיפֿלעך זאָלן פֿונאַנדערבלײַבן אַ 30 אָדער 40 יאַרדן, כּדי צו מינערן די סכּנה פֿון אַ צוזאַמענשטויס, אויב אַ שיפֿל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורכן אײַז. דער פּאַקאײַז איז שיטערער געוואָרן, זײַנען מיר

[93] ד"ה, ווינט־אַראָפּ. אויף ענגליש: before the wind

[94] reef sails

אַ מאָל געקומען אין אָפֿענע שטחים ווו ס'האָט זיך פֿאָרמירט דין אײַז בעת דער נאַכט. ווען מיר האָבן געטראָפֿן אָט דאָס נײַע אײַז, האָבן מיר געדאַרפֿט אויסטרייסלען דעם ריף[95] פֿון די זעגלען, מיר זאָלן קענען דורכדרינגען. מחוץ דעם פּאַק האָט דער ווינט געמוזט זײַן ווי אַ הוריגאַן. טויזנדטער קליינע טויטע פֿיש האָבן זיך באַוויזן, דערהרגעט מסתּמא דורך אַ קאַלטן שטראָם און דעם שווערן וועטער. זיי זײַנען געלעגן אויפֿן וואַסער און אויך אויפֿן אײַז, ווו די כוואַליעס האָבן זיי אַוועקגעוואָרפֿן. די שטורעם־פֿייגל און רויבמעוועס[96] האָבן זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ, כאַפּנדיק זיי ווי סאַרדינען אויף טאָסט.

מיר זײַנען דורכגעפֿאָרן דורך די פֿאָרוועגן ביז מיטאָגצײַט, ווען מיר זײַנען אויסגעשפּיגן געוואָרן אַרויס פֿונעם פּאַק אינעם אָפֿענעם ים אַרײַן. טונקל־בלאָע און שאַפּיר־גרינע זײַנען געלאָפֿן די כוואַליעס[97]. די זעגלען האָט מען באַלד אויפֿגעשלאָגן, און מיט אַ גינציקן ווינט זײַנען מיר געפֿאָרן איבער די כוואַליעס ווי דרײַ וויקינג־שיפֿן זוכנדיק אַ פֿאַרוירענעם אַטלאַנטיס[98]. מיטן פֿיר־שנור[99] גוט אויסגעלאָזט און אַ העלע זון אויבן, האָבן מיר זיך גוט פֿאַרבראַכט אַ געציילטע שעהען מיט אַ געפֿיל פֿון דער פֿרײַהייט און מאַגיע פֿונעם ים, אַ פֿאַרגיטיקונג פֿאַר די יסורים און צרות אין די פֿאַרגאַנגענע טעג. סוף־כּל־סוף זײַנען מיר באַפֿרײַט געוואָרן פֿונעם אײַז, אין וואַסער וואָס אין אים קענען די שיפֿלעך נאַוויגירן. געדאַנקען פֿון דער היים, דערשטיקט דורך דער טויטלעכער וואָג פֿון אומרויִקע טעג און נעכט, האָבן אויפֿגעלעבט נאָך אַ מאָל, און די צרות וואָס מע וועט זיי נאָך דאַרפֿן בײַקומען האָבן זיך פֿאַרמינערט אין זינען שיִער ניט ביז גאָרנישט.

בעת דעם נאָכמיטאָג האָבן מיר געדאַרפֿט אײַנציִען אַ צווייטן ריף[100] אין די זעגלען, מחמת דער ווינט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט[101] און די טיף־באַלאָדענע שיפֿלעך האָבן אַרײַנגענומען אַ סך וואַסער[102], שלעכט קערעווענדיק אין די אויפֿגייענדיקע כוואַליעס. איך האָב אויסגערעכנט דעם קורס קיין העלפֿאַנד־אינדזל, זײַנען מיר גוט געפֿאָרן. דער *דאָדלי דאָקער* איז אַראָפּגעלאָפֿן צו מיר צו פֿאַר נאַכט, האָט וואָרסלי פֿאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן בלײַבן פֿאָרן[103] די גאַנצע נאַכט; נאָר שוין האָט מען קוים געקענט דערזען דעם *סטענקאָם ווילס* אין די

---

95 shake the reef out of …
96 skua-gulls
97 seas
98 "… like three Viking ships on the quest of a lost Atlantis." — טאַקע אַ געמישטער מעטאַפֿאָר.
99 sheet: דער שנור וואָס מיט אים קאָנטראָלירט מען דעם זעגל.
100 "…to take a second reef …"
101 freshened
102 shipping much water
103 stand on

וואַלצן[104] בעת ס'ווערט טונקעלער, האָב איך באַשלאָסן, אַז ס'וועט זײַן זיכערער מיר זאָלן האַלטן שטיין[105] און וואַרנט אויפֿן העלן טאָג. ס'וואָלט גאָר ניט געטויגט, אַז די שיפֿלעך זאָלן צעשייט ווערן, איינער פֿונעם אַנדערן אין דער נאַכט. מיר האָבן געמוזט צוזאַמענבלײַבן, און דערצו האָב איך געמיינט אַז ס'איז מיגלעך מיר וועלן פֿאַרבײַפֿאָרן דעם ציל אינעם פֿינצטערניש און ניט קענען צוריקזעגלען. איז מיר האָבן געמאַכט אַ ים־אַנקער[106] פֿון רודערן און געבליבן שטיין, דער *דאָדלי דאָקער* פֿאָרויס מחמת ער האָט געהאַט דאָס לענגסטע שטריקל. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך געוויגן אויף הינטערבאָרד פֿונעם *דאָדלי דאָקער* און דער *סטענקאָם ווילס* איז געקומען דער דריטער. מיר האָבן געגעסן אַ קאַלטן מאָלצײַט און געטאָן עפּעס אַ ביסל כּדי צו זײַן באַקוועם אין די פֿינצטערע שעהען. קיין אָפּרו איז ניט פֿאַר אונדז געקומען. בעת דעם גרעסטן טייל פֿון דער נאַכט האָבן די שפּריצן זיך צעבראָכן איבער די שיפֿלעך, געוואָרן פֿאַרפֿרוירן אין גרויסע מאַסעס אײַז, דער עיקר אויפֿן פֿאָדער־ און הינגערבאָרד. מע האָט געדאַרפֿט אָפּהאַקן דאָס אײַז, כּדי צו פֿאַרמײַדן די שיפֿלעך זאָלן ווערן צו שווער. די טעמפּעראַטור איז געווען אונטער נול, און דער ווינט איז דורכגעדרונגען דורך די קליידער, אונדז דורכגעקילט כּמעט ניט צו פֿאַרטראָגן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ניט אַלע וועלן איבערלעבן די נאַכט. איין צרה איז געווען אַ דוחק אין וואַסער. מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אַזוי גיך פֿונעם פּאַק אינעם אָפֿענעם ים אַרײַן, אַז מיר האָבן ניט געהאַט אַ געלעגנהייט אַרײַנצונעמען אײַז צו שמעלצן אין די קאָכערס, און אָן אײַז האָבן מיר ניט געקענט האָבן הייסע עסן. דער *דאָדלי דאָקער* האָט געהאַט איין הרודע אײַז, אַ פֿונט צען אין וואָג, איז דאָס צעטיילט געוואָרן צווישן דעם גאַנצן עקיפּאַזש. מיר האָבן געזויגט קליינע שטיקלעך, געקראָגן דערפֿון אַ ביסל קיצבֿה פֿונעם דאָרשט צוליב דעם זאַלציקן שפּריץ, אָבער צו גלײַך האָבן מיר פֿאַרלוירן גופֿיקע היץ. ס'רובֿ מענטשן זײַנען געווען אויף אַ נעבעכדיקן מצבֿ. מיר אַלע האָבן געהאַט געשוואָלענע מײַלער, קוים געקענט עסן. טיף האָב איך געבענקט נאָכן קאַיאָר. פֿון צײַט צו צײַט די נאַכט האָב איך אויסגערופֿן צו די אַנדערע שיפֿלעך, פֿרעגנדיק ווי ס'טוט זיך בײַ זיי. די חבֿראותא האָט אַלע מאָל געפֿונען די כּוח פֿריילעך צו ענטפֿערן. אײַנער אויפֿן *סטענקאָם ווילס* האָט זיך אָנגערופֿן "אונדז איז גוט, אָבער איך וואָלט וועלן האָבן טרוקענע קוליקלעך." דאָס וויצל האָט געבראַכט אַ שמייכל צו צעשפּאַלטענע ליפּן. גייט פֿאַרלאַנגט די לבֿנה. די איינציקע טרוקענע זאַכן אויף די שיפֿלעך זײַנען געשוואָלענע מײַלער און ברענענדיקע צונגען. דער

[104] rollers: ד"ה, לאַנגע כוואַליעס

[105] heave to: אויפֿשלאָגן די זעגלען און האַלטן די קערמע אַזוי אַז דאָס שיפֿל זאָל זיך קוים באַוועגן.

[106] sea-anchor: אַ מין שלעפּקראַפֿט וואָס לאָזט זיך קוים באַוועגן דורכן וואַסער, האַלטנדיק דאָס שיפֿל מיטן פֿאָדערבאָרד ווינט־אַרויף.

דאָרשט איז איינע פֿון די צרות בײַ פֿאָרערס אין די פּאָלאַרישע געגנטן. ס'איז יאָ אַ גוזמא אײַז אַרום און אַרום, אָבער גאָר נישט צו טרינקען איידער ס'איז געשמאָלצן געוואָרן, און נאָר אַ קליין ביסל קען מען שמעלצן אין מויל. מיר זײַנען געהאַט געווען דאָרשטיק אין די טעג פֿונעם שווערן שלעפּן אינעם פּאַק, און די מצבֿ איז גיך ערגער געוואָרן צוליב דעם זאַלץ־שפּריץ. די שלאָפֿזעק וואָלט אונדז געגעבן אַ ביסל וואַרעמקייט, נאָר זיי זײַנען ניט געווען צו דערגרייכן, אַוועקגעשטעלט אונטער די געצעלטן אין די פּאָדערבאָרדן, ווו זיי זײַנען געווען אײַנגעהילט אין פֿאַנצערישן אײַז, און מיר זײַנען געווען אַזוי אײַנגעקאָרטשט, אַז מיר האָבן זיי ניט געקענט אַרויסציִען.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג און מיטן באַגינען האָט זיך דער וועטער אויסגעלײַטערט, איז דער ווינט אַראָפּ צו אַ מילדן דרום־מערבֿדיקן ווינטל[107]. אַ פּראַכטיקער זונאויפֿגאַנג האָט מבֿשׂר געווען וואָס מיר האָפֿן זאָל זײַן אונדזער לעצטער טאָג אין די שיפֿלעך. רויטלעך־ראָזעווע אין דער וואַקסנדיקער ליכט, האָט דער הויכער שפּיץ פֿון קלאַרענס־אינדזל פֿאָרויסגעזאָגט דעם קומעדיקן גלאַנץ פֿון דער זון. דער הימל איז בלאָ געוואָרן איבער אונדז און די קאַמען פֿון די כוואַליעס האָבן פֿריילעך געפֿינקלט. באַלד ווי ס'איז העל גענוג האָבן מיר אָפּגעברעקלט און אָפּגעשקראָבן דאָס אײַז פֿון פֿאָדער־ און הינטערבאָרד. די קערמעס האָט מען אַרײַנגענומען[108] אין דער נאַכט, כּדי אויסצומײַדן אַז די שטריקלעך זאָלן זיך ניט פֿאַרטשעפּען אין זיי. מיר האָבן אָפּגעבונדן[109] דעם אײַז־אַנקער און גענומען די רודערן אויפֿן באָרד. בעת דער נאַכט האָבן זיי געוואַקסן אַזוי דיק ווי טעלעגראַף־סלופּעס פֿונעם טונקען זיך אין די פֿרירנדיקן ים, האָט מען געדאַרפֿט זיי אָפּברעקלען איידער מע האָט זיי געקענט אַרײַנברענגען.

מיר זײַנען איצט געווען גרוילעך דאָרשטיק. מיר האָבן באַמערקט, אַז עס ברענגט אַ רגעדיקע קיצבֿה דאָס קײַען שטיקלעך רויע ים־הינט־פֿלייש און אַראָפּשלינגען דאָס בלוט, אָבער ס'איז צוריקגעקומען צוויי מאָל אַזוי שטאַרק, דער דאָרשט, צוליב דער זאַלצקייט פֿונעם פֿלייש. איך האָב געהייסן, דערפֿאַר, אַז מע וועט נאָר דערלאַנגען דאָס פֿלייש צו געוויסע צײַטן בעתן טאָג, אָדער ווען דער דאָרשט האָט געשטעלט אין סכּנה עמעצנס אַ מוח. אינעם העלן טאָג האָט זיך באַוויזן העלפֿאַנד־אינדזל קאַלט און האַרב אויפֿן צפֿון־צפֿון־מערבֿ. דער אינדזל איז געשטאַנען פּונקט אין דער ריכטונג, וואָס וואָרסלי האָט גערעכנט[110], האָב איך אים

107 ד'ה, אַ ווינטל פֿונעם דרום־מערבֿ. אַ ווינט איז אַ נאָמען נאָך דער ריכטון פֿון **וואַנען** ער בלאָזט.
108 … unshipped the rudders …
109 cast off
110 ... on the bearing Worsley had laid down, ...

געגעבן מזל־טובֿ פֿאַר זײַן נאַוויגאַציע אין שווערע באַדינגונגען, נאָך צוויי טעג טויט־רעכענונג[111] פֿאָלגנדיק אַן אַרומוועגיקן קורס דורכן פּאַקאײַז און נאָך צוויי נעכט דרייפֿנדיק ווו נאָר דער ווינט און כוואַליעס האָבן געוואָלט. דער *סטענקאָם ווילס* איז צוגעקומען, האָט מקילרוי[112] געמאָלדן, אַז בלאַקבאָראָס[113] פֿיס זײַנען גאָר שלעכט פֿאַרפֿרוירן געוואָרן. אַן אומגליק, נעבעך, אָבער מאָ האָט ניט געקענט טאָן גאָרנישט. ס'רובֿ מענטשן זײַנען געווען פֿאַרפֿרוירן ביז אַ געוויסער מאָס, און ס'איז געווען אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז בײַ די "דורכגעמאַכטע מענטשן", ווילד, קרין, הערלי מיט מיר, איז גוט געגאַנגען. אַ פּנים זײַנען מיר שוין צוגעוווינט געוואָרן צו די געווײנטלעכע אַנטאַרקטישע טעמפּעראַטורן, כאָטש מיט דער צײַט זײַנען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז מיר זײַנען ניט אימון.

דעם גאַנצן טאָג, מיט אַ מילד ווינטל אויפֿן לינקן פֿאָדערבאָרד, האָבן מיר געזעגלט און געכרודערט דורך אַן אָפֿענעם ים. מיר וואָלטן אָפּגעגעבן די טײַערסטע זאַך פֿאַר אַ שטיקל אײַז צו שמעלצן פֿאַר וואַסער, אָבער ניט קיין אײַז אין געווען צו דערגרייכן. דרײַ בערג האָט מען געקענט זען, האָבן מיר זיך צו זיי געשלעפּט, האָפֿנדיק אַז אַ ריי אײַז־שטיקלעך שווימט אויפֿן ים פֿון ווינט־אַראָפּ פֿון זיי; נאָר זיי זײַנען געווען האַרט און בלאָ, אָן שום סימן פֿון שפּאַלטונג, און דער אויפֿלויף וואָס האָט אַרום זיי געפֿלייצט בעת זיי שווימען אַרויף און אַראָפּ האָט געמאַכט פֿאַר אוממיגלעך נאָענט צוצוקומען. דער ווינט האָט זיך ביסלעכווײַז געדרייט אויף פֿאָרויס[114], און בעת דער טאָג גייט ווײַטער האָט די זון רציחהדיק אַראָפּגעשטראַלט פֿון אַ קלאָרן הימל אויף וויי־געפּײַניקטע מענטשן. דער גאַנג איז געווען פּאַמעלעך, נאָר ביסלעכווײַז איז העלפֿאַנד־אינדזל נעענטער געקומען. בעת איך האָב זיך באַזאָרגט מיט די אַנדערע שיפֿלעך, סיגנאַלן און באַפֿעלן, איז ווילד געזעסן שטענדיק בײַ דער קערמע פֿונעם *דזשעמז קיירד*. אים, האָט זיך געדאַכט, האָט ניט אָנגערירט די מידקייט, ניט געשטערט פֿון נויט. בערך פֿיר אַ זייגער נ"מ איז אָנקעקומען פֿון פֿאָרנט אַ שטאַרק ווינטל, וואָס עס בלאָזט אַקעגן דעם שטראָם, באַלד געשאַפֿן אַ צעטומלטן ים[115]. מיט אַ שעה שווערן רודערן זײַנען מיר קוים געגאַנגען פֿאָרויס. דער *דזשעמז קיירד* און דער *דאָדלי דאָקער* האָבן נאָך דער ריי בוקסירט דעם *סטענקאָם ווילס*, אָבער איצט האָט מײַן שיפֿל אַליין גענומען ציִען

---

[111] dead reckoning: נאַוויגירן דורך אָפּשאַצן פֿון ריכטונג און גיכקייט, ניט אַזוי פּינקטלעך ווי הימליש־נאַוויגירן, מיט דער זון אָדער די שטערן. אין דער אמתן האָט דאָס גאָרנישט צו טאָן מיט "טויט" נאָר (מע זאָגט) שטאַמט פֿון "דעדוקציע".
[112] James McIlroy: דער דאָקטער / כירורג.
[113] Perce [Percy] Blackbor[r]ow: דער סטואַרט אויפֿן *אויסהאַלט*. ער איז אַרײַן אין שיף ערשט ווי אַ בלינדער פּאַסאַזשיר. *שעקלטאָן* האָט אים געסטראַשעט אַז טאָמער קומט צו הונגערן, וועלן זיי ערשט אים עסן. ער האָט געענטפֿערט, "אין דעם פֿאַל, סער, איז דאָ אויף אײַך מער פֿלייש ווי אויף מיר."
[114] "… was … hauling ahead, …"
[115] choppy sea

דעם *סטענקאָם ווילס*, מחמת דער *דזשעמז קיירד* האָט געקענט טראָגן מער זעגלען ווי דער *דאָדלי דאָקער* אינעם פֿאַרשטאַרקנדיקן ווינט.

מיר האָבן געשטרעבט פֿאָרן קיין[116] דער דרום־מיזרחדיקער זײַט פֿון העלפֿאַנד־אינדזל, דער ווינט בלאָזנדיק צווישן צפֿון־מערבֿ און מערבֿ. די שיפֿלעך, געהאַלטן וואָס נעענטער צום ווינט, זײַנען פֿאַמעלעך געפֿאָרן, און אַז ס'האָט זיך פֿאַרטונקלט, איז אונדזער ציל ווײַט נאָך עטלעכע מײַלן. שווערע כוואַליעס[117] זײַנען געלאָפֿן. באַלד האָבן מיר פֿאַרלוירן פֿון די אויגן דעם *סטענקאָם ווילס*, אויף הינטן פֿונעם *דזשעמז קיירד* אויף דער לענג פֿונעם שטריקל, נאָר צו מאָל איז זי נתגלה געוואָרן דורכן ווײַסן גלאַנץ פֿון צעבראָכענעם וואַסער. ווען ס'איז שטאָק פֿינצטער געוואָרן האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אינעם הינטערבאָרד מיט דער האַנט אויפֿן שטריקל, איך זאָל קענען וויסן צי דאָס צווייטע שיפֿל ווערט אָפּגעריסן, האָב איך גאַהאַלטן אָרט די גאַנצע נאַכט. דאָס שטריקל איז שווער געוואָרן מיט אײַז בעת די אומזעיִקע כוואַליעס פֿלייצן אונדז פֿאַרבײַ און דאָס שיפֿעלע אונדזערס האָט זיך געוואָרפֿן מיט דער באַוועגונג פֿונעם ים. פּונקט פֿאַר נאַכט האָב איך דערציילט די לײַט אויפֿן *סטענקאָם ווילס*, אויב זייער שיפֿל זאָל אַוועקברעכן אין דער נאַכט און זיי קענען ניט רודערן אַקעגן דעם ווינט, זאָלן זיי לויפֿן קיין דער מיזרחדיקער זײַט פֿון קלאַרענס־אינדזל און דאַרטן וואַרטן אויף אונדז. אַפֿילו אַז מיר קענען ניט לאַנדן אויף העלפֿאַנד־אינדזל[118], וואָלט ניט טויגן אַז דאָס דריטע שיפֿל זאָל געטראָגן ווערן.

ס'איז געווען אַ שטרענגע נאַכט. די מאַנשאַפֿט, אַחוץ דער וואַך, האָט געהויערט, זיך געטוליעט אין אַ רעדל אונטן אין שיפֿל, קריגנדיק אַ קליין שטיקל וואַרעמקייט פֿון די דורכגעווייקטע שלאָפֿזעק און פֿונעם רעדל קערפּערס אַליין. נאָך שטאַרקער האָט געבלאָזן דער ווינט, נאָך רציחהדיקער איז געוואָרן דער ים. דאָס שיפֿל האָט זיך שווער דורכגעוואָרפֿן דורך די סקוואַלן און זיך געדרייט פּונקט צום ווינט[119], דער זעגל שאָקלנדיק אין די שטאַרקסטע פּלושן. פֿון צײַט צו צײַט בעת דער נאַכט האָט די לבֿנה אַראָפּגעשײַנט דורך אַ שפּאַלט אין די טרײַבנדיקע וואָלקנס און אין דער פֿאַרגייִקער ליכט האָב איך געקענט זען די שדישע פּנימער פֿון די מענטשן, זיך אויפֿזעצנדיק כּדי צו באַלאַנסירן דאָס שיפֿל[120] בעת זי בייגט זיך איבער[121] אינעם ווינט. ווען די לבֿנה איז פֿאַרשטעלט געוואָרן, האָט זי זיך נאָך

---

[116] "making up for …"
[117] heavy seas
[118] אינעם ענגלישן נסח איז דאָ אַ פּלאָנטער מיט די אינדזלען – איך מיין אַז דאָ מיינט ער קלאַרענס־אינדזל.
[119] came up to the wind: מיטן פֿאָדערבאָרד ווינד־אַרויף.
[120] trim the boat
[121] heeled over to the wind

אַלץ באַוויזן אין דער ליכט אָפּגעשפּיגלט אויף די שטראָמנדיקע גלעטשערס אויפֿן אינדזל. די טעמפּעראַטור איז אַראָפּגעפֿאַלן זייער נידעריק, און ס'האָט זיך געדאַכט אַז די אַלגעמיינע אומבאַקוועמקייט פֿון אונדזער לאַגע האָט קוים געקענט ערגער ווערן, נאָר די יבשה וואָס דערזעט זיך פֿאָרויס איז געווען אַ שײַנטורעם פֿון זיכערקייט, און איך מיין אַז מיר אַלע זײַנען געמוטיקט געוואָרן דורך דער האָפֿענונג, אַז דער קומעדיקער טאָג וועט ברענגען אַ סוף צו אונדזערע איצטיקע צרות. וויינקסטענס וואָלטן מיר האָבן פֿעסטע ערד אונטער די פֿיס. בעת דאָס שטריקל פֿונעם *סטענקאָם ווילס* האָט זיך פֿאַרשטײַפֿט און אַראָפּגעהענגט אונדער דער האַנט, איז דער קאָפּ מײַנער פֿאַרנומען געווען מיט פּלענער פֿאַר דער צוקונפֿט.

צו אַ הלבער נאַכט צו האָט דער ווינט זיך איבערגרוקט פֿון דרום־מערבֿ, וועלכע שינוי האָט אונדז געלאָזט פֿאָרן נעענטער[122] צום אינדזל. אַ ביסל שפּעטער איז דער *דאָדלי דאָקער* אַראָפּגעלאָפֿן בײַם *דזשעמז קיירד*, האָט וואָרסלי אַ פֿירלייג געשריגן, ער זאָל פֿאָרן פֿאָרויס, זוכנדיק אַן אָרט ווו צו לאַנדן. זײַן שיפֿל האָט געקענט איבעריאָגן[123] דעם *דזשעמז קיירד*, וואָס האָט דעם *סטענקאָם ווילס* צו בוקסירן. איך האָב אים געזאָגט, ער מעג אַ פּרווו טאָן, אָבער ער טאָר ניט פֿאַרלירן פֿון די אויגן דעם *דזשעמז קיירד*. פּונקט ווען ער פֿאָרט אָפּ איז אַראָפּגעקומען אַ שווערער שניי־סקוואַל, און אינעם פֿינצטערניש האָבן די שיפֿלעך זיך צעשייד. איך האָב מער ניט געזען דעם *דאָדלי דאָקער*. אָט די אָפּזונדערונג האָט מיר אָנגעטאָן יסורים בעת די איבעריקע שעהען פֿון דער נאַכט. קוווער־כוואַליעס זײַנען געלאָפֿן[124] און איך האָב ניט געקענט זײַן זיכער, אַז אַלץ גייט גוט בײַם פֿעלנדיקן שיפֿל. מע האָט ניט געקענט זען די כוואַליעס אינעם פֿינצטערניש, כאָטש מע האָט יאָ געקענט שפּירן די ריכטונג און דעם כּוח פֿונעם ווינט. אין אַזעלכע באַדינגונגען, אין אַן אָפֿענעם שיפֿל, האָט געקענט אַפֿילו דער אָנגעלערנטסטער נאַוויגאַטאָר קומען צו שאָדן. איך האָב געבליצט מיטן קאָמפּאַס־לעמפּל אויפֿן זעגל, האָפֿנדיק אַז דעם סיגנאַל וועט מען קענען זען פֿונעם *דאָדלי דאָקער*, אָבער קיין ענטפֿער האָב איך ניט געזען. מיר האָבן איבערגעמאַטערט די אויגן קוקנדיק ווינט־אַרויף אינעם פֿינצטערניש, מיר זאָלן אָנכאַפּן אַן ענטפֿער און איבערגעחזרט די בליצן פֿון צײַט צו צײַט.

מײַן אומרו, דעם עמת געזאָגט, איז געווען אָן אַ גרונד. איך וועל ציטירן פֿון וואָרסליס אייגענער באַריכט וועגן דעם וואָס איז געשען מיטן *דאָדלי דאָקער*:

---

[122] bear up closer to: פֿאָרן אויף אַ קורס מער דירעקט צום אינדזל צו.
[123] "His boat had the heels of the "James Caird": ד'ה זי האָט געקענט גיכער זעגלען.
[124] A cross-sea was running.

צו האַלבער נאַכט האַבן מיר פֿאַרלוירן פֿון די אויגן דעם *דזשעמז קיירד*, בוקסירנדיק דעם *סטענקאָם ווילס*, אָבער אַ ביסל דערנאָך האָבן מיר דערזען די ליכט פֿונעם *דזשעמז קיירד*ס קאָמפּאַס־לעמפּל, וואָס סער ערנעסט שײַנט אויפֿן זעגל ווי אַ װעגװײַזער פֿאַר אונדז. מיר האָבן געענטפֿערט, אָנצינדן אַ ליכט אונטערן געצעלט, עס זאָל דורך אים דורכשײַנען. צו גלײַך זײַנען מיר געוווּיר געוואָרן פֿון וואַנען בלאָזט דער ווינט, און ווּהין מיר פֿאָרן מיטן קליינעם קעשענע־קאָמפּאַסל, מחמת דער שיפֿל־קאָמפּאַס איז שוין פֿריִער געהאַט צעבראָכן געוואָרן. מיט אָט דעם ליכט האָבן אונדזערע נעבעכדיקע לײַט אָנגעצונדן זייערע ליולקעס, זייער איינציקע נחמה, מחמת דעם שרעקלעכן דאָרשט, וואָס האָט אונדז ניט געלאָזט גאָרנישט עסן. אָט דעמאָלט זײַנען מיר אָנגעקומען אין אַ שלעכטן פֿלייץ־ריס[125], וואָס צוזאַמען מיטן שווערן, קנויליקן ים האָט געמאַכט שיִער ניט אוממיגלעך, דער *דאָדלי דאָקער* זאָל זיך ניט אָנגעגאָסן ווערן[126]. ווי ס'איז געווען האָבן מיר אַרײַנגענומען עטלעכע שלעכטע כוואַליעס[127] איבערן הינטערבאָרד, און דערצו איבער די זײַטן און פֿאָדערבאָרד, כאָטש מיר פֿאָרן "אויף אַ ווינט"[128]. ליס[129], וואָס ער האַלט זיך אַליין פֿאַר אַ שלעכטער רודערער, האָט דאָ יאָ גוט געמאַכט מיט שטרענג אַרויסוואָרפֿן וואַסער פֿון שיפֿל[130], גוט געהאָלפֿן פֿון טשיטעם[131]. גרינסטריט[132], אַ גוטער־ברודער, האָט פֿאַרנומען מײַן אָרט בײַ דער קערמע, געהאָלפֿן בכלל. ער מיט מאַקלין[133] זײַנען געווען פֿאַר מיר די רעכטע און לינקע אַנקערס[134] ווי טעמפּ־רודערערס[135] די גאַנצע צײַט. מקלאָד[136] און טשיטעם זײַנען געווען צוויי גוטע מאַטראָסן און רודערערס, דער ערשטע אַ טיפּישער אַלטער טיף־ים־מאַטראָס[137] און מרוק, דער צווייטער אַ ים־גזלן ביז צו די שפּיץ־פֿינגער. בײַם שטאַרקסטן טייל פֿון דער בורע די נאַכט, האָט טשיטעם געקויפֿט שוועבעלעך פֿון מיר, באַצאָלט מיט שאַמפּאַניער, איין פֿלאַש פֿאַר איין שוועבעלע (צו וואָלוול,

---

[125] tide-rip
[126] be swamped
[127] shipped several bad seas
[128] "on a wind": זעגלען צו אָדער נאָענט צו דער ריכטונג פֿון וואַנען בלאָזט דער ווינט.
[129] Thomas Orde-Lees: דער ממונה איבער די זאַפּאַסן און פּראָוויאַנט.
[130] baling
[131] Alfred Cheatham: דער דריטער אָפֿיציר.
[132] Lionel Greenstreet: דער ערשטער אָפֿיציר.
[133] Alexander Macklin: כירורג
[134] ד"ה, גאָר נייטיק, פֿעיִק.
[135] stroke-oars, ד"ה טעמפּ־אײַנשטעלערס
[136] Thomas McLeod: מאַטראָס
[137] deep-sea salt

כ'האָב אים געזאָלט רעכענען צוויי פֿלעשער). דעם שאַמפּאַניער וועט ער מיר געבן דעמאָלט, ווען ער עפֿנט זײַן שענק אין האָל[138] און ווען איך קען דאָרט אַהינפֿאָרן... ביז איצט האָבן מיר געהאַט איין הונדערט אַכט שעהען האָרעוואַניע, וואַרפֿעניש, פֿרירן, און דורכווייקן, מיט נאָר אַ ביסל אָדער גאָר נישט קיין שלאָף. איך מיין אַז, סער ערנעסט, ווילד, גרינסטריט, און איך האָבן געקענט זאָגן, אַז מיר האָבן אין גאַנצן ניט געשלאָפֿן. כאָטש ס'איז געווען זעכצן חדשים זינט מיר זײַנען געהאַט געווען אין שווערע כוואַליעס, בלויז פֿיר מענטשן זײַנען געווען ערנצט ים־קראַנק, נאָר עטלעכע אַנדערע זײַנען געווען אַ ביסל גרין.

די טעמפּעראַטור איז געווען $20°$ אונטערן פֿרירפּונקט; צום גליק זײַנען מיר זיך באַגאַנגען אָן דער ביטערער נידעריקער טעמפּעראַטור פֿון נעכטן בײַ נאַכט. גרינסטריטס רעכטער פֿוס איז שלעכט אָפּגעפֿרוירן געוואָרן, אָבער ליס האָט אים רעסטאַווירט, געהאַלטן אים אונטער זײַן סוועטער אויפֿן בויך. אַנדערע האָבן געהאַט מינערדיקע אָפּפֿרירן, דער עיקר מחמת זייערע קליידער, וואָס זײַנען דורכגעווייקט געווען מיט זאַלץ־וואַסער.... מיר זײַנען געווען נאָענט צו דער יבשה ווען סע שאַרייעט אויף טאָג, אָבער מיר האָבן געקענט גאָרנישט ניט זען דורכן שניי און צעבלאָזן־וואַסער[139]. די אויגן זײַנען מיר שלעכט געוואָרן. דאָס כסדרדיקע גלאָצן אין דער ווינט, קוקן אויף די פֿינגער די כוואַליעס זאָל אונדז ניט שלאָגן, האָט מיר געגעבן, דאַכט זיך, אַ פֿאַרקילונג אין די אויגן. איך האָב ניט געקענט זען, ניט געקענט ריכטיק אָפּמעסטן ווײַטקייט, און אַ מאָל בין איך אײַנגעשלאָפֿן אויף אַ רגע בײַ דער קערמע. דרײַ אַ זייגער אין דער פֿרי האָט גרינסטריט גענומען מײַן אָרט. איך בין געווען אַזוי פֿאַרקאָרטשעט פֿון די לאַנגע שעהען, קאַלט, און נאַס, אין דער אומבאַקוועמער פּאָזיציע וואָס מע האָט געדאַרפֿט האַלטן אויפֿן געצײַג און זאַפּאַס בײַ דער קערמע, אַז די אַנדערע לײַט האָבן געדאַרפֿט מיך שלעפּן אין מיטן שיפֿל[140] און אויסגלײַכן ווי אַ קעשענע־מעסערל, ערשט רײַבן די דיכן, ווינקל, און בויך.

בײַם טאָגן האָבן מיר זיך געפֿונען נאָענט צו דער יבשה[141], אָבער דער וועטער איז אַזוי געדיכט געווען, מיר האָבן ניט געקענט זען ווו צו

[138] Hull: די שטאָט אין ענגלאַנד
[139] spindrift
[140] amidships
[141] … close alongside the land

לאַנדן. צוריק בײַ דער קערמע נאָך אַ שעה אָפּרו באַדעקט (אַזוי צו זאָגן!) מיטן טריפֿנדיקן געצעלט, האָב איך געפֿירט דעם *דאָדלי דאָקער* אַוועק מיט דער בורע[142], לענג־אויס דעם ברעג אַרום אויף צפֿון. די ערשטע שעה איז דער גאַנג געווען היפּש ריזיקאַליש, די שווערע כוואַליעס וואָס מיר לויפֿן פֿאַר זיי האָבן געדראָט אָנצוגיסן דאָס שיפֿל, אָבער ביז אַכט אַ זייגער אין דער פֿרי האָבן מיר געפֿונען אַ ביסל אָפּדאַך פֿונעם ווינט[143] צוליב דער יבשה. דערנאָך האָב איך געקענט האַלטן אין פֿאָרן זייער נאָענט, פּאַזע אַ געלטשער־פֿאָרנט, כּדי צו קריגן פּײַדעס פֿריש־וואַסער־אײַז, בעת מיר זעגלען דורך זיי. אונדזער דאָרשט איז געווען גאָר טיף. באַלד האָבן מיר געהאַט אַ ביסל אײַז אויפֿן באָרד, און אויף צוויי האַלבן שעה האָבן מיר געזויגט און געקײַט גיריק די שטיקלעך אײַז.

די גאַנצע צײַט זײַנען מיר געפֿאָרן פּאַזע־ברעג[144] אונטער טורעמדיקע שטיינערנע סקאַלעס און גאָר שטאָציקע גלעטשער־פּנימער, קיין שום אָרט ניט ווו צו לאַנדן. האַלב צען אין דער פֿרי האָבן מיר דערזען אַן ענגע, שטיינערדיקע פּלאַזשע צופֿוסנס פֿון עטלעכע זייער הויכע בערג און סקאַלעס, זײַנען מיר אַהינגעפֿאָרן[145]. מלא־שׂימחה האָבן מיר דערזען דעם *דזשעמז קיירד* מיטן *סטענקאָם ווילס* זעגלענדיק פּונקט פֿאַר אונדז אינעם זעלביקן האַוון אַרײַן. מיר האָבן זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז מיר האָבן געגעבן דרײַ וויוואַטן, וואָס זיי האָבן ניט געקענט הערן אין די אַנדערע שיפֿלעך צוליב דעם ברום פֿונעם אינדנבראָך. פֿונדעסטוועגן זײַנען מיר באַלד מיט זיי צוזאַמענגעקומען, געקענט איבערשמועסן די איבערלעבונגען אויף דער פּלאַזשע.

אַזוי אויך איז געווען בײַ אונדז אויפֿן *דזשעמז קיירד*, אָבער מיר האָבן ניט געקענט האַלטן נאָענט צום ווינט צו[146] ווי דער *דאָדלי דאָקער*. אַ מזל ווי ס'איז געווען, וואָרן דער *דזשעמז קיירד* מיטן *סטענקאָם ווילס* זײַנען געפֿאָרן ווינט־אַראָפּ[147] פֿונעם גרויסן בוכטעל[148], וואָס אין אים איז דער *דאָדלי דאָקער* אַרײַנגעפֿאָרן, און וואָס פֿון אים האָט ער געדאַרפֿט אַרויספֿאָרן מיט די כוואַליעס פֿון הינטן[149]. מיר האָבן דערפֿאַר אויסגעמיטן די ריזיקע, די

---

[142] … ran … off before the gale, …
[143] lee
[144] coasting along
[145] made for it
[146] … keep up to windward …
[147] to leeward
[148] bight: אַ פֿאַרטיפֿונג אין אַ בוכטע צי אַ ברעג.
[149] … with the sea astern

נאָכגייענדיקע כוואַליעס זאָלן ניט אָנגיסן דעם *סטענקאָם ווילס*. דער וועטער איז זייער געדיכט אין דער פֿרי. באמת זיבן אַ זייגער פֿ"מ זײַנען מיר שוין פּונקט אונטער די סקאַלעס, וואָס פֿאַלן שטאָציק אין ים אַרײַן, איידער מיר האָבן זיי דערזען. מיר זײַנען געפֿאָרן פֿאַזע־ברעג אויף צפֿון, און תּמיד האָבן די שטאָציקע סקאַלעס און גלעטשער־פּנימער זיך באַוויזן אונדזערע זוכנדיקע אויגן. די כוואַליעס האָבן זיך צעבראָכן אויף אָט די ווענט, און ס'וואָלט געווען גאָר אוממיגלעך צו לאַנדן אויף אַבי וואָס פֿאַר אַ מצבֿ. מיר האָבן אויפֿגעכאַפּט שטיקלעך אײַז און זיי גיריק געזויגט. נײַן אַ זייגער פֿ"מ, בײַם צפֿון־מערבֿדיקן עק פֿונעם אינדזל האָבן מיר דערזען אַן ענגע פּלאַזשע צופֿוסנס פֿון די סקאַלעס. אויסנווייניק איז געלעגן אַ ראַנד פֿון שטיינער, שווער געשלאָגן פֿונעם אינדנבראָך, נאָר מיט אַן ענגן דורכגאַנג, וואָס באַווײַזט זיך ווי אַ בראָך אינעם שוימנדיקן וואַסער. איך האָב באַשלאָסן, מיר מוזן שטיין פֿאַר די סכּנות פֿון אָט דעם אומצוציִענדיקן לאַנדן־אָרט. צוויי טעג און נעכט אָן טרונק, אָן הייס עסן האָט חרובֿ געמאַכט ס'רובֿ מענטשן, האָבן מיר ניט געקענט אָננעמען אַז ס'איז דאָ אין ערגעץ נאָענט פֿאָרויס אַ בעסערער אָרט. דער *סטענקאָם ווילס* איז געווען דאָס לײַכטערע און פֿירעוודיקערע שיפֿל, האָב איך אים צוגערופֿן זײַט בײַ זײַט, מיטן כּיוון איך זאָל אים פֿירן ערשט דורכן בראָך, געוויר ווערן די מיגלעכקייטן פֿון לאַנדן איידער דער *דזשעמז קיירד* זאָל אַ פּרוּוו טאָן. איך בין געווען אין מיטן קריכן אַריבער אינעם *סטענקאָם ווילס* אַרײַן, ווען איך האָב דערזען דעם *דאָדלי דאָקער* פֿאָרן נעענטער פֿון הינטן אונטער זעגלען, אַ בילד וואָס האָט מיר געמאַכט גאָר לײַכטער אויפֿן האַרצן.

רודערן אָפּגעהיט, אויסמײַדן די בלינדע וואַלצן[150] וואָס באַווײַזן ווו ליגן די פֿאַרזונקענע שטיינער, האָבן מיר גאַבראַכט דעם *סטענקאָם ווילס* נעענטער צום בראָך אינעם ריף. דעמאָלט, מיט עטלעכע קראַפֿטיקע ציען האָבן מיר דורכגעשאָסן אויבן אויף אַן אויפֿלויף, אַרויפֿגעבראַכט דאָס שיפֿל אויף אַ שטיינערנער פּלאַזשע. דער קומעדיקער אויפֿלויף האָט אים אויפֿגעהויבן אַ ביסל ווײַטער. אָט דאָס איז געווען די ערשטע לאַנדונג ווענס אויף העלפֿאַנד־אינדזל, האָט מיר אײַנגעפֿאַלן דער געדאַנק אַז דער כּבֿוד געהערט דעם ייִנגסטן צווישן דער מאַנשאַפֿט, האָב איך געזאָגט בלאַקבאָראָן ער זאָל אַרויסשפּרינגען. ער האָט אויסגעזען כּמעט ווי אין אַ קאָמאַטאָזן מצבֿ, און כּדי אויסצומײַדן אָפּהאַלט האָב איך אים געהאָלפֿן, אפֿשר אַ ביסל צו גראָב, איבערן זײַט פֿון שיפֿל. האָט ער זיך באַלדיק אַוועקגעזעצט אינעם אינדנבראָך און ניט גערירט פֿון אָרט. האָב איך דעמאָלט מיט אַ מאָל פֿאַרשטאַנען וואָס איך האָב פֿאַרגעסן, אַז ביידע זײַנע פֿיס זײַנען שלעכט פֿאַרפֿרוירן געוואָרן.

[150] blind rollers: הויכע כוואַליעס וואָס שיִער ניט צעברעכן זיך.

עטלעכע זײַנען אַריבער און אים געשלעפּט אין אַ טרוקענעם אָרט. ס'איז געווען גאָר אַ שרעכלעך איבערלעבונג פֿאַר בלאַקבאָראָן, נאָר סײַ ווי סײַ קען ער יאָ זאָגן אַז ער איז געווען דער ערשטער אויף דער וועלט זיך אַוועקצוזעצן אויף העלפֿאַנד־אינדזל. ס'האָט געקערט זײַן אַז דעמאָלט וואָלט ער געוואָלט מוותּר זײַן אויף אַזאַ מין כּבֿוד. מיר האָבן געלאַנדט דעם קוכער מיט זײַן טראָנאויוון, אַ סאַפּאַז ברענוואַרג, עטלעכע טאָרבעלעך געטריקנטע מילך, און אַ פּאָר מענטשן. זײַנען מיר אַנדערע אַרויסגעפּאָרן נאָך אַ מאָל כּדי צו פֿירן די אַנדערע שיפֿלעך דורכן קאַנאַל. דער *דזשעמז קיירד* איז צו שווער געווען מע זאָל אים קענען ברענגען אויף דער פּלאַזשע דירעקט, איז נאָכדעם וואָס ס'רובֿ מענטשן פֿונעם *דאָדלי דאָקער* און דעם *סטענקאָם ווילס* זײַנען אויף דער יבשה, האָב איך אָנגעפֿירט מיטן איבערברענגען די כּלים פֿונעם *דזשעמז קיירד* אין דרויסן פֿונעם ריף. דערנאָך זײַנען מיר אַלע דורכגעקומען און מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער זײַנען די דרײַ שיפֿלעך אויף דער פּלאַזשע. אַ טשיקאַווער ספּעקטאַקל איז מיר פֿאַר די אויגן, אַז איך האָב דאָס צווייטע מאָל געלאַנדט. עטלעכע פֿון די מענטשן האָבן זיך געוויגט אַרום דער פּלאַזשע, אַזוי ווי זיי האָבן געפֿונען אָן אַ שיעור בראָנפֿן אויף אָט דעם וויסטן ברעג. זיי האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט, שטיינער אויפֿגעכאַפּט, הויפֿנס שטיינדלעך געלאָזט דורכקאַפּען דורך די פֿינגער, ווי קמצנים מיט זייער אָנגעשפּאָרטן גאָלד. די שמייכלען און געלעכטער, וואָס האָבן נאָך אַ מאָל געבלוטיקט די צעשפּאַלטענע ליפּן, און די גדולהדיקע אויסרופֿן בײַם באַמערקן צוויי לעבעדיקע ים־הינט אויף דער פּלאַזשע האָט מיך דערמאָנט אויף אַ רגע אין יענער שימערירנדיקער שעה אין די קינדעריאָרן, אַז די טיר עפֿנט זיך צום סוף און דער ניטל־בוים מיט אַלע זײַן פּילאי־פּלאָים שפּרינגט פֿאַר די אויגן. איך געדענק ווי ווילד, וואָס ער האָט שטענדיק גוט געמאַכט פֿון גורל, צי גוט צי שלעכט, איז אָנגעקומען אויפֿן ברעג בעת איך קוק אויף די לײַט, געשטאַנען לעבן מיר באַקוועם און אומבאַזאָרגט גלײַך ווי ער איז נאָר וואָס אַרויס פֿון אויטאָ אויף אַ שפּאַציר אין פּאַרק.

באַלד האָט אַ האַלב טוץ פֿון אונדז אַוועקגעלייגט די זאַפּאַסן אויף דער יבשה. מיר זײַנען כּמעט אויס כּוח, און ס'איז געווען שווערע אַרבעט טראָגן אונדזער האָב־און־גוטס איבער די רויע שטיינדלעך און פֿעלדזן צופֿוסנס פֿון דער סקאַלע, אָבער מע טאָר ניט קיין זאַך לאָזן ווו דערגרייכט דער ים־פֿלייץ. מיר האָבן געדאַרפֿט בראָדיען ביז די קניען אין אײַזיקן וואַסער כּדי אַרויסצוהייבן דאָס געצײַג פֿון די שיפֿלעך. ווען די אַרבעט איז שוין פֿאַרטיק, האָבן מיר געשלעפּט די דרײַ שיפֿלעך אַ ביסל העכער אויף דער פּלאַזשע, און זיך גערן גענומען געניסן דאָס הייסע געטראַנק וואָס דער קוכער האָט צוגעגרייט. די וואָס זײַנען געווען לפֿי־ערך

שטאַרק האָבן געדאַרפֿט וואַרטן ביז די שוואַכערע האָבן זייערס געהאַט; נאָר יעדער איינע האָט לסוף געהאַט זײַן פּאַניקין[151] הייסע מילך, און קיין מאָל פֿריִער איז ניט געווען אַזאַ טעם. דערנאָך ים־הינט־סטייק מיט טראָן, מחמת די ים־הינט וואָס זײַנען געווען געגנוג אָפּגעלאָזן צו בלײַבן וואַרטן אויף אונדז האָבן מער ניט געלעבט. קיין רו איז ניט געווען פֿאַרן קוכער. דער טראָנאויוון האָט געפּלאַקערט און הייס געשפּריצט בעת ער קאָכט ניט איין מאָלצײַט נאָר אַ סך, וואָס זײַנען צונויפֿגעקומען אין אַ גאַנצן טאָג פֿול מיט עסן. מיר האָבן געטרונקען וואַסער און געגעסן ים־הינט־פֿלייש ביז יעדער איז גאָר זאַט געוואָרן.



**7** דאָס ערשטע לאַנדן וװענס אויף העלפֿאַנד־אינדזל

די געצעלטן האָט מען אויפֿגעשלאָגן מיט רודערס ווי סלופּעס, און ביז דרײַ אַ זייגער נ"מ איז דער לאַגער כּשורה געווען. דאָס אָריגינעלע געצעם פֿון די געצעלטן האָט מען געהאַט אַוועקגעוואָרפֿן אויף איינער אַ קריִע אָפּצושפּראָן די וואָג. ס'רובֿ מענטשן האָבן זיך פֿרי אַוועקגעלייגט אויף אַ זיכערן און מחיהדיקן שלאָף, איבערגעריסן נאָר צו האַלטן וואַך נאָך דער ריי נאָך. דער הויפּט־חובֿ פֿונעם וועכטער איז געווען האַלטן דעם טראָנאויוון אָנגעצונדן, און יעדער אויף דיזשור, האָט זיך געדאַכט, האָט דווקא געקאָכט פֿאַר זיך אַ מאָלצײַט אין מיטן וואַך און אַ וועטשערע איידער ער לייגט זיך אַוועק שלאָפֿן נאָך אַ מאָל.

---

[151] pannikin: אַ פּלאַטשיקע שיסל, פֿון בלעך.




8 דער ערשטער מאָלצײַט אויפֿן אינדזל

ווילד, וואָרסלי, און הערלי האָבן מיך באַלייט דורכצוקוקן אונדזער פּלאַזשע, איידער מיר גייען אין געצעלטן אַרײַן. מיר האָט זיך דעמאָלט כּמעט געוואָלט אָפּלייגן דעם דורכקוק ביז נאָכן שלאָף, נאָר דאָס געפֿיל פֿון זהירות, וואָס מע קריגט צוליב די אומזיכערקייטן מיט פּאָלאַרישע נסיעות, האָט מיך אומרויִק געמאַכט. דער אויסבליק פֿאַר אונדז איז געווען קיין פֿריילעכער ניט. קלאָרע סימנים האָבן באַוויזן ווי מיט די שפּרונג־פֿלייצן[152] וואָלט די קליינע פּלאַזשע אין גאַנצן באַדעקט מיט וואַסער געוואָרן, פּונקט ביז די סקאַלעס צופֿוסנס. מיט אַ שטאַרקן בלאָז פֿונעם צפֿון־מיזרח, וואָס מע האָט זיך דערויף אַלע מאָל געקענט ריכטן, וואָלטן די כוואַליעס אַריבערשלאָגן איבערן קנאַפּן באַריער־ריף, זיך צעברעכן אויף די שטאָציקע זײַטן פֿון די שטיינערנער וואַנט הינטער אונדז. קלאָר־באַצייכנטע טעראַסעס האָבן באַוויזן וואָס פֿריִערדיקע בורעס האָבן אָפּגעטאָן, און פּונקט הינטן פֿון פּלאַזשע איז געווען אַ קליין שטיקל וראַק, ניט מער ווי דרײַ פֿוס אין דער לענג, גאַנץ פֿאַרקײַלעכט דורכן לאַנגן כּסדרדיקן רײַבן. ס'איז געווען קלאָר אַז מיר מוזן געפֿינען אַ בעסערן רו־אָרט. איך האָב באַשלאָסן ניט צו געבן צו וויסן די אַנדערע ווי אומזיכער איז געווען אונדזער לאַגע, ביז זיי האָבן גענאָסן פֿון די גאַנצע זיסקייט פֿון רו אָן שום געדאַנקען, אַז מיט אַ מאָל קען

---

[152] spring-tides: הויכע ים־פֿלײַצן, בײַ פֿולע אָדער נײַע לבֿנות; דער היפּוך דערפֿון רופֿט מען neap tides אויף ענגליש. דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט "פֿרילינג".

ווידער קומען סכּנת־נפֿשות. סכּנה פֿון ים איז געווען אונדזער חלק אַזוי פֿיל טעג, איז אַ חיי־שעה גאָר וויכטיק געווען פֿאַר אויסגעמאַטערטע לײַבער און אָפּגעטעמפּטע מוחות.




9 קאַרטע פֿונעם לאַנדן

דער פּלאַן אויבן באַווײַזט פּונקט וואָס טוט זיך בײַ אונדז בעסער ווי מײַן באַשרײַבונגען. די סקאַלעס אויף הינטן פֿון דער פּלאַזשע זײַנען געווען אומגרייכלעך אַחוץ בײַ צוויי פּונקטן ווו געפֿינען זיך שטאָציקע שניי־שיפּועים. מיר האָבן ניט איבערגעטראַכט וועגן עסן, מחמת אַחוץ פֿון די אייגענע ראַציעס זײַנען געווען ים־הינט אויף דער פּלאַזשע און מיר האָבן געקענט זען אַנדערע אינעם וואַסער מחוץ דעם ריף. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט איינער פֿון די חיות זיך אויפֿהייבן אין די פּליטקעס, אַרויפֿקריכן אויף דער פּלאַזשע, וואָס, ס'איז קלאָר געווען, איז געווען אַ באַקאַנטער קוראָרט פֿאַר זײַן מין. אַ קליינער שטיינערדיקער אינדזל, וואָס האָט אונדז עפּעס באַשירעמט פֿונעם צפֿון־מערבֿדיקן ווינט, האָט געהאַלטן אַ נעסט־שטח[153] פֿון די פֿאַררינגלט־פּענגווינען. די דאָזיקע פֿייגל האָבן אַן איבערוואַנדערנדיקע טבֿע, האָט מען זיך געקענט ריכטן אויף זייער אָפּפֿליִען איידער דער ווינטער האָט זיך אין גאַנצן אײַנגעשטעלט, נאָר דערווײַל זײַנען זיי צו האַנט. די דאָזיקע אַטראַקציעס האָבן אָבער ניט געקענט אויסהאַלטן צוליב דעם וואָס די פּלאַזשע שטייט אָפֿן פֿאַרן אָנפֿאַל פֿונעם ווינט און ים פֿון צפֿון־מיזרח און מיזרח. בורעס פֿון מיזרח קומען פֿאָר עפֿטער ווי פֿון מערבֿ אין דעם אָ געגנט פֿונעם

153 rookery

אַנטאַרקטיק ווינטערצײַט. איידער לייגן זיך אַוועק שלאָפֿן די נאַכט האָב איך בודק געווען די גאַנצע מצבֿ און באַרעכנט די אַלע מיגלעכקײַטן אַוועקצושטעלן די שיפֿלעך מיטן האָב־און־גוטס אין אַ זיכערן אָרט, דאָס וואַסער זאָל ניט דערגרייכן. מיר אַליין האָבן אפֿשר געקענט אַרויפֿקריכן אַ קליינעם מהלך אַרויף אויף די שניי־שיפּויעם, אָבער ניט מיט די שיפֿלעך. אינעווייניק איז דער אינדזל געווען אין גאַנצן ניט צו דערגרייכן. מיר זײַנען אַרויפֿגעקראָכן אויף איינעם אַ שיפּוע אָבער באַלד האָט אונדז אָפּגעשטעלט איבערהאַנגענדיקע סקאַלעס. די פֿעלדזן הינטערן לאַגער זײַנען געווען שטאַרק אויסגעריבן און מיר האָבן באַמערקט די שאַרפֿע, ניט־אויסגעריבענע שטיינער וואָס זיי פֿאַלן אַראָפּ פֿון אויבן. קלאָר אַז ס'וואָלט געווען אַ סכּנה פֿון אויבן, אַז מע לאַגערט זיך דאָרט, הינטן אויף דער פּלאַזשע. מיר מוזן פֿאָרן ווײַטער. מיט די דאָזיקע רעיונות אין זינען בין איך אַרײַן אין געצעלט, אַנטשלאָפֿן געוואָרן אויף דער צעבראָכענער ערד, וואָס זי גיט אַ טרייסטנדיק געפֿיל פֿון פֿעסטקייט. די פֿעע־פּרינצעסין וואָס האָט ניט געקענט שלאָפֿן אויף די זיבן פּוכיקע מאַטראַצן צוליב אַן אַרבעס אונטן וואָלט אפֿשר ניט פֿאַרשטאַנען די הנאה אונדזערע פֿון די אומרעגולערקייטן פֿון די שטיינער, וואָס האָבן זיך גאָר ניט געקענט צעברעכן אונטער אונדז, אָדער טראָגן זיך אַוועק; די שטורכענדיקע הרודעס אַליין זײַנען געווען זיסע דערמאָנונגען פֿון זיכערקייט.

צו מאָרגנס (דעם 15טן אַפּריל) האָבן זיך אַלע פֿרי אויפֿגעכאַפּט. באַלד איז די זון העל אויפֿגעגאַנגען, האָבן מיר דאָס נאַסע געצײַג אויסגעשפּרייט צו טריקענען, ביז די פּלאַזשע זעט אויס ווי אַ ספּעציעל אומחשובֿער יריד. די שטיוול און מלבשים האָבן שטאַרק געליטן אין דעם אַרומפֿאָרן. איך האָב געהאַט באַשטימט ווילד זאָל זעגלען לענג־אויס דעם ברעג אינעם *סטענקאָם ווילס*, זוכן אַ נײַעם לאַגער־אָרט, האָבן מיר אַרומגערעדט די פּרטים פֿון דער נסיעה בײַם עסן אַ פֿרישטיק פֿון הייסן ים־הינט־סטייק מיט טראָן. וואָס איך האָב געוואָלט געפֿינען איז אַ לאַגער ווו די פּאַרטיע זאָל קענען בלײַבן אָן סכּנה וואָכן אָדער אַפֿילו חדושים לאַנג, אָפּגעהיט פֿון ים און ווינט אין די שטאַרקסטע ווינטער־בורעס אַפֿילו. ווילד האָט געזאָלט פֿאָרן אויף מערבֿ לענג־אויס דעם ברעג, צוזאַמען מיט פֿיר פֿון די שטאַרקסטע מענטשן: מאַרסטאָן, קרין, ווינסענט, און מקאַרטי[154]. אויב זיי זײַנען ניט צוריק פֿאַר נאַכט זאָלן מיר אָנצינדן אַ שײַנסיגנאַל, ווי אַ וועגווײַזער צום אַרײַנפֿאָר פֿונעם קאַנאַל. דער *סטענקאָם ווילס* איז אָפּגעפֿאָרן עלף אַ זייגער פֿ"מ, איז גיך ניט צו דערזען אַרום דעם אינדזל. דערנאָך זײַנען איך מיט הערלי געגאַנגען פּאַזע פּלאַזשע אויף מערבֿ, אַרויפֿקריכנדיק דורך אַ שפּאַלט צווישן דער

[154] Geroge Marston: קינסטלער; Crean: זעט אויבן הערה 36; John Vincent: מאַטראָס; Timothy McCarthy: מאַטראָס

סקאַלע און אַ גרויסן אָפּגעזונדערטן זײַל פֿון באַסאַלט[155]. דער ענגער פּאַס פֿון פּלאַזשע איז בלאָקירט געוואָרן מיט מאַסן שטיינער וואָס פֿאַלן אַראָפּ פֿון די סקאַלעס. מיר האָבן געקעמפּט אַ מײַל צוויי אָדער אַ ביסל מער, געזוכט אַן אָרט ווּ מיר וואָלטן געקענט ברענגען די שיפֿלעך אויף דער יבשה און מאַכן אַ שטייִקן לאַגער, טאָמער ווילד האָט ניט געפּועלט עפּעס אַזוינס צו געפֿינען, נאָר נאָך דרײַ שעה שווערע אומזיסטע אַרבעט, האָבן מיר זיך געדאַרפֿט צוריקקערן. מיר האָבן געפֿונען אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם באַסאַלט־זײַל אַ שלונד אין די שטיינער אָפּגעהיט פֿון אַלע חוץ די שווערסטע בורעס. פֿאַרקײַלעכטע שטיינדלעך זײַנען געווען אַ באַווײַז אַז אַ מאָל קומט דער ים אַזוי ווײַט אַרײַן. דאָ האָב איך באַשלאָסן מיר זאָלן איבערלאָזן צען קאַסטן באָווריל־שליטן־ראַציעס טאָמער מיר מוזן גיך אַוועק. מיר האָבן געקענט צוריקקומען קריגן דאָס עסן שפּעטער אויב ס'וועט קומען אַ געלעגנהייט.

צוריק אין לאַגער האָבן מיר געפֿונען די מענטשן זיך אָפּרוען אָדער פֿאַרריכטן די כּלים. קלאַרק[156] האָט אַ פּרווו געטאָן כאַפּן פֿיש אין די פּליטקעס לעבן די שטיינער און האָט געכאַפּט אַ צוויי קליינע פֿיש. דער טאָג איז שטיל פֿאַרבײַ. פֿאַרזשאַווערטע נאָדלען האָט מען געריבן ביז גלאַנציק אויף די שטיינער, מלבושים פֿאַרלאַטעט און פֿאַרצירעוועט. אַ געפֿיל פֿון מידקייט – צוליב, דאַכט זיך מיר, אַן אָפּרוף נאָך די אָנשטרענגונגען פֿון די פֿאַרגאַנגענע טעג – האָט אונדז באַדעקט, נאָר דער אויפֿהייבנדיקער פֿלייץ, וואָס קומט העכער אויף דער פּלאַזשע ווי נעכטן, האָט אונדז געצוווּנגען אַרבעטן מיט די שיפֿלעך, וואָס מיר האָבן פּאַמעלעך געשלעפּט אויף אַ העכערן גזימס. מיר האָבן געדאַרפֿט איבעררוקן דעם נויטלאַגער נעענטער צו דער סקאַלע. איך האָב אויסגעטיילט די פֿאַראַנענע ערטער פֿאַר די געצעלטן, די קיך, אאַ"וו, וואָרן יעדער שטיקל איז געווען טײַער. ווען די נאַכט איז אָנגעקומען איז דער *סטענקאָם ווילס* נאָך אַלץ אַוועק, האָב איך געהייסן דאָס אָנצינדן פֿון אַ טראָן־שײַנסיגנאַל צוקאָפּנס פֿונעם קאַנאַל.

אַן ערך אַכט אַ זייגער נ"מ האָבן מיר דערהערט אַ צורוף אין דער ווײַטנס. מיר האָבן ניט געקענט זען גאָרנישט, נאָר באַלד, ווי אַ בלייכער גײַסט אַרויס פֿון אַ פֿינצטערניש קומט דאָס שיפֿל, די פּנימער באַווײַזן זיך ווײַס אינעם אָפּשײַן פֿונעם פֿײַער. ווילד האָט אים געלאָזט לויפֿן אויף דער פּלאַזשע מיטן אויפֿלויף, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן מיר אים געשלעפּט צו אַ זיכערן אָרט. איך האָב געוואַרט אויף ווילדס באַריכט מיט אַ שאַרפֿער אומרו און מיר איז געווען גאָר לײַכטער אויפֿן האַרצן, אַז ער זאָגט מיר ער האָט אויפֿגעדעקט אַ זאַמדיקע יבשה־צונג זיבן

[155] basalt: אַ מין ווולקאַנישער שטיין
[156] Robert Clark: ביאָלאָג

מײַלן אויף מערבֿ, אַ 200 יאַרדן אין דער לענג, פֿירנדיק אַוועק פֿונעם ברעג אויף אַ גראָד־ווינקל, מיט אַ מאַסע שטיינער בײַם ים־עק. אַ לאַנגער שניי־שיפֿוע פֿאַרבינדט זיך מיט דער צונג אויפֿן יבשה־עק, און ס'האָט אויסגעזען פֿאַר מיגלעך, אַז עפּעס אַן אויסגראָב האָט מען געקענט מאַכן אינעם שניי. די יבשה־צונג, ווייניקסטענס, וואָלט געווען גאָר בעסער ווי אונדזער ענגער פּלאַזשע. ווילד האָט צוגעגעבן, אַז דאָר דאָזיקער אָרט איז טאַקע דער איינציקער ווי ווײַט ער האָט געזוכט. ווײַטער, אויף מערבֿ און דרום־מערבֿ, איז געלעגן אַ סטראַשענדיקע ריי סקאַלעס מיט גלעטשערס, שטאָציק גלײַך אין ים אַרײַן. ער האָט געמיינט אַז מיט גאָר שטאַרקע בורעס פֿונעם דרום־מערבֿ אָדער מיזרח וואָלט די צונג פֿאַרשפּריצט וערן, אָבער די כוואַליעס גופֿא וואָלטן זיך אויף איר ניט צעבערעכן. די שיפֿלעך האָט מען געקענט אַרויפֿשלעפּן אַויף אַ ניט־שטאָציקער[157] פּלאַזשע.

מיט די גוטע ידיעות בין איך להוט געווען איבערצולאָזן דעם פּלאַזשע־לאַגער. דער ווינט, ווען ער בלאָזט, איז געווען גינציק פֿאַרן לויפֿן פֿאַזע ברעג. דער וועטער איז שוין פֿײַן געווען צוויי טעג און ס'האָט זיך געקענט איבערבײַטן אַבי ווען. איך האָב געזאָגט די חבֿראותא, אַז מיר וועלן אָנהייבן פֿרי אין דער פֿרי. אַ נײַ־געקוילעטער ים־הונט האָט אונדז געגעבן אַ לוקסוסדיקער וועטשערע פֿון סטייק מיט טראָן, און דערנאָך האָבן מיר באַקוועם געשלאָפֿן ביזן באַגינען.

דער אינדערפֿרי דעם 17טן אַפּריל איז אָנגעקומען פֿײַן און קלאָר. דער ים איז געווען גלאַט, נאָר אין דער ווײַטנס האָבן מיר געקענט זען אַ פּאַס פּאַק, וואָס, ס'האָט זיך געדאַכט, קומט נעענטער. מיר האָבן שוין געהאַט באַמערקט פּאַק און בערג געטריבן פֿונעם שטראָם אויף מיזרח און דערנאָך אַ מאָל צוריקגעקומען מיט אַ געיאָג אויף מערבֿ. דער שטראָם איז געלאָפֿן ביז פֿינף מײַל אַ שעה, און ס'איז געווען אַ שטראָם אַזוינער וואָס האָט פֿאַרהאַלטן ווילדען בײַם צוריקקער פֿון דער צונג. דאָס אַרויף־און־אַראָפּ פֿונעם ים־פֿלייץ איז איצט געווען נאָר אַ פֿינף פֿוס, נאָר די לבֿנה וואַקסט און דער פֿלייץ דערמיט. דער אָנקום פֿונעם אײַז האָט אונטערגעשטראָכן ווי וויכטיק ס'איז געווען, אַז מיר זײַנען גיך אַוועק. מע האָט גאָר געדאַרפֿט אויסמײַדן דער פּאַק זאָל אונדז ניט פֿאַרשפּאַרן אויף דער פּלאַזשע. די שיפֿלעך זײַנען באַלד אויפֿן וואַסער אין די פּליטקעס, און נאָך אַ כאַפּיקן פֿרישטיק האָבן אַלע שוער געאַרבעט אַרײַנלאָדן דאָס געצײַג און זאַפּאַסן. אַן אומגליק האָט אונדז געטראָפֿן, אַז מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט די שיפֿלעך: מיר האָבן געניצט די רודערס ווי וואַליקעס און דרײַ זײַנען צעבראָכן געוואָרן, די איבעריקע וואָלטן קאַרג געקלעקט אויף דער נסיעה וואָס ליגט פֿאַר אונדז. די הכנות האָבן

157 shelving

געדויערט לענגער ווי איך האָב זיך גערעכט; ס'האָט זיך געדאַכט אַפֿילו, אַז עטלעכע מענטשן האָבן ניט אין גאַנצן געוואָלט איבערלאָזן די ליידיקע זיכערקייט פֿון דער קליינער פּלאַזשע, פֿאָרן נאָך אַ מאָל אויפֿן ים. אָבער דאַרפֿן דאַרף מען, און ביז עלף אַ זייגער פֿ"מ זײַנען מיר אַוועק, דער *דזשעמז קיירד* פֿאָרויס. פּונקט ווען מיר פֿאָרן אַרום דעם קליינעם אינדזל באַזעצט פֿון די אײַנגערינגלט־פּענגווינען, האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ אַ "ווילִיוואַ"[158] פֿון די 2000-פֿוס סקאַלעס הינטער אונדז, אַן אָנזאָג פֿון דער דרומדיקער בורע וואָס האָט זיך באַוויזן אין אַ האַלבער שעה אַרום.

באַלד האָבן מיר זיך אָנגעשטרענגט בײַ די רודערס מיט דער בורע אויפֿן פֿאָדערבאָרד. קיין מאָל ניט געווען אַזאַ שווערע אַרבעט. דער ווינט האָט זיך געדרייט פֿון דרום אויף דרום־מערבֿ, איז דער דוחק אין רודערס געוואָרן אַן ערנצטע ענין. דער *דזשעמז קיירד*, דאָס שווערסטע שיפֿל, האָט געדאַרפֿט האַלטן אַ פֿולן עקיפּאַזש רודערערס, בעת דער *דאָדלי דאָקער* און דער *סטענקאָם ווילס* האָבן געטאָן מיט ווינציקער, געאַרבעט נאָך דער ריי מיטן איבעריקן רודער. אַ גרויסער אויפֿלויף האָט געדונערט אויף די סקאַלעס און צײַטנווײַז זײַנען מיר כּמעט געטריבן פֿונעם שטראָמענדיקן גרינעם וואַסער אויף די שטיינער. מיר האָבן געדאַרפֿט בלײַבן נאָענט בײַם ברעג כּדי אויסצומײַדן אַרײַנגעצויגן ווערן אינעם בייזן ים, וואָס האָט זיך צעשמיסן שניי־ווײַס, פֿאַרגיכערט דורך די צעקאָכטע סקוואַלן, ביז אין אַ לעבעדיקער מאַסע שפּריצן. נאָך צוויי שעה שווערע אַרבעט זײַנען מיר שיִער ניט אויסגעמאַטערט געוואָרן, נאָר צום גליק האָבן מיר געפֿונען עפּעס אַן אָפּדאַך הינטער אַ שפּיץ שטיין. אויבן טורעמען זיך די גאָר שטאָציקע סקאַלעס הונדערטער פֿיס, די ים־פֿייגל וואָס פֿלאַטערן פֿון די שפּאַרונעס אינעם שטיין זײַנען פֿאַרשאָטנט געוואָרן צוליב דער הייך. די שיפֿלעך זײַנען אַרויף און אַראָפּ אינעם גרויסן ים־אויפֿלויף, נאָר די כוואַליעס האָבן זיך ניט צעבראָכן אין אונדזער קליינעם האַרבעריק, האָבן מיר זיך דאָרט אָפּגערוט און געגעסן די קאַלטע ראַציעס. געציילטע מענטשן האָבן געדאַרפֿט בלײַבן בײַ די רודערס כּדי אַוועקצוהאַלטן די שיפֿלעך פֿונעם סקאַלע־פּנים.

נאָך אַ האַלבער שעה הפֿסקה האָב איך געהייסן אָנהייבן נאָך אַ מאָל. דעם *דאָדלי דאָקער* האָט מען געטריבן מיט דרײַ רודערס, מחמת דער *סטענקאָם ווילס* האָט געהאַט דעם איבעריקן, און ער איז אַראָפּגעפֿאָרן ווינט־אַראָפּ אין אַ ספּעציעל שווערן סקוואַל. מיט מורא האָב איך זיך צוגעקוקט צו אים קעמפֿן מיטן ווינט און ים. ס'וואָלט געווען גאָרנישט קיין הילף ניט, אַז דער *דזשעמז קיירד* זאָל פֿאָרן צו

[158] williwaw: אַ נאָמען צווישן מאַטראָסן פֿאַר אַ פּלוצעמדיקער שטאַרקער ווינט, וואָס בלאָזט אַראָפּ פֿון די הויכענישן.

הילף דעם *דאָדלי דאָקער*, ווײַל מיר האָבן אַליין קוים געקענט פֿאָרן פֿירויס אינעם שווערערן שיפֿל. די איינציקע זאַך – ווײַטער פֿאָרן און האָפֿן. אַלע זײַנען נאָך אַ מאָל דורכגעווייקט געוואָרן ביז צו דער הויט און אַ סך זײַנען שטאַרק דורכגעקילט. מיר זײַנען פֿאַמעלעך ווײַטער און זײַנען פֿאַרבײַ אַ גרויסן שטיינערנעם זײַל אַוועק אַ ביסל פֿון ברעג און אַ שטאָציקע 2,400 פֿוס אין דער הייך. אַ פֿאַס ריף האָט זיך געצויגן צווישן ברעג און זײַל, האָב איך געמיינט בעת מיר קומען נעענטער, אַז מיר וועלן זײַן פּנים־אַל־פּנים מיטן צאָרנדיקן ים אין דרויסן; נאָר אַ ריס אינעם ווײַסן אינדנבראָך האָט באַוויזן אַ שפּאַלט אינעם ריף, זײַנען מיר אַדורך מיט שווערער אַרבעט, מיטןווינט טרײַבן וואָלקנס שפּריץ איבער דער לינקער זײַט[159]. דער *סטענקאָם ווילס* איז בשלום נאָכגעפֿאָרן. אינעם שטעכנדיקן שפּריץ האָב איך אין גאַנצן ניט געקענט זען דעם *דאָדלי דאָקער*. ס'איז געווען קלאָר אַז ער וואָלט מוזן פֿאָרן אויסנווייניק פֿונעם זײַל, צוליב דעם וואָס ער גייט אַזוי פֿיל ווינט־אַראָפּ[160], אָבער איך האָב ניט געקענט זען וואָס איז מיט אים געשען און איך האָב ניט געקענט וואַרטן. ס'איז געווען אַ שלעכטע צײַט.
סוף־כּל־סוף, בערך פֿינף אַ זייגער נ"מ, האָבן דער *דזשעמז קיירד* מיטן *סטענקאָם ווילס* דערגרייכט דאָס לפֿי־ערך שטילע וואַסער, האָבן מיר דערזען ווילדס פֿלאַזשע פּונקט פֿאַר אונדז. איך האָב אומזיסט צוריקגעקוקט נאָכן *דאָדלי דאָקער*.

שטיינער האָבן באַשאָטן דאָס פֿלאַטשיקע וואַסער אַרום דעם שפּיץ, האָט דער ים זיך געפֿלייצט צווישן זיי. איך האָב געהייסן דער *סטענקאָם ווילס* זאָל אַרויפֿלויפֿן אויף דער פּלאַזשע ווו עס זעט אויס דאָס גלאַטסטע, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דאָס ערשטע שיפֿל אויפֿן ברעג, די מענטשן אָרויסגעשפּרונגען, האַלטנדיק אים אַקעגן דער אָפּגייענדיקער כוואַליע. באַלד ווי איך האָב געזען אַז ער איז זיכער, האָב איך גענומען דעם *דזשעמז קיירד* אַרײַן. עטלעכע פֿון אונדז האָבן זיך געדראַפּעט אויף דער פּלאַזשע דורכן ראַנד פֿונעם אינדנבראָך, אַרומגעדרייט דאָס שטריקל אַרום אַ שטיין כּדי צו האַלטן דאָס שיפֿל קעגן דעם צוריקפֿלייץ[161]. דערנאָך האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסנעמען די זאַפּאַסן און געצײַג, אַרבעטן ווי באַנומענע, מחמת מע האָט ניט געקענט אַרויפֿשלעפּן די שיפֿלעך איידער מע האָט זיי אויסגעליידיקט. דעם טראָנאַוויוון האָט מען גיך אָנגעצונדן, האָט דער קוכער אָנגעהויבן צוגרייטן הייסע געטראַנקען. בעת מיר האָבן געאַרבעט מיט די שיפֿלעך האָב איך דערזען ריקענזון[162] וואָס ער ווערט בלאַס און זיך שאַטײַעט אינעם אינדנבראָך. איך האָב אים געשלעפּט אַוועק פֿונעם וואַסער, אים

[159] port beam
[160] … was making so much leeway
[161] backwash
[162] Lewis Rickenson: הויפּט־אינזשעניר

צוגעשיקט צום אויוון, וואָס שטייט אינעם אָפּדאַך פֿון אַ פּאָר שטיינער. מקילרוי איז צו אים צוגעגאַנגען און געפֿונען אַז זײַן האַרץ האָט אין דער רגע גענוג כּוח ניט געהאַט פֿאַר די אָנשטרענגונגען. אים איז גאָר שלעכט געווען, האָט ער גערדאַרפֿט באַלדיקע מעדיצינישע הילף. ס'זײַנען פֿאַראַן מענטשן וואָס זיי טוען מער ווי די אייגענעם פּאָרציע אַרבעט, פּרווון טאָן מער ווי דאָס וואָס זיי קענען יאָ אויפֿטאָן. ריקענזון איז געווען איינער פֿון אָט די בעלנישע נשמות. ער האָט געליטן, ווי אַ סך אַנדערע, פֿון שלעכטע זאַלץ־וואַסער־געשווירן, וואָס האָבן באַפֿאַלן די הענטגעלענקען, די אָרעמס, און די פֿיס. עס האָט זיך גערדאַכט, אַז דאָס אָנשיקעניש איז צוליב דעם כּסדרדיקן דורכווייקן מיט זאַלץ־וואַסער, אָנרײַבן פֿון די נאַסע מלבשים, און די שווערע אויסגעשטעלטקייט[163].

איך בין געווען גאָר באַזאָרגט וועגן דעם *דאָדלי דאָקער*, האָבן זיך די אויגן און די מחשבֿות מײַנע אויף מיזרח געדרייט בעת מיר טראָגן די זאַפּאַסן אויף דער יבשה, נאָר מיט ניט מער ווי אַ האַלבער שעה האָט זיך באַוויזן דאָס פֿעלנדיקע שיפֿל, אַרבעטנדיק שווער דורכן שוים־ווײַס[164] ים, און באַלד איז ער אַרײַן אינעם לפֿי־ערך שטילקייט אין דער בוכטע. מיר האָבן זיך צו זײַן אָנקום צוגעקוקט מיט אַ געפֿיל פֿון פֿאַרלײַכטערונג ווי בײַ אַ מאַטראָס וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין האַוון. דער ים־פֿלייץ איז גיך אַרויסגעגאַנגען, האָט וואָרסלי פֿאַרלײַכטערט דעם *דאָדלי דאָקער*, אַוועקגעלייגט עטלעכע קאַסטנס אויף אַן אויסווייניקסטן שטיין פֿון וואַנען מע קריגט זיי שפּעטער. דערנאָך איז זײַן שיפֿל אויף דער יבשה, און מיט אַ סך הענט אַרבעטן האָבן מיר באַלד געהאַט דאָס האָב־און־גוטס אויף דער יבשה, די דרײַ שיפֿלעך איבער דער הויך־וואַסער־ליניע. די יבשה־צונג איז בשום־אופֿן ניט געווען קיין אידעאַלער לאַגער־אָרט; ס'איז געווען ראָ, וויסט, אומבאַקוועם – נאָר אַ צוויי מאָרגן שטיין און זשוויר[165], מיטן ים שוימענדיק אַרום און אַרום אַחוץ ווו דער שניי־שיפּוע, וואָס פּירט אַרויף ביז אַ גלעטשער, האָט געפֿורעמט דעם גרענעץ פֿון אינעווייניק[166]. נאָר עטלעכע פֿון די גרעסערע שטיינער האָבן געגעבן אַ ביסל באַשיצונג פֿונעם ווינט, און בעת מיר האָבן זיך געהײַפֿלט אַרום דעם טראָנאויוון, מיטן עסריקן רויך בלאָזן אין די פּנימער, זײַנען מיר געווען טאַקע גאָר אַ פֿריילעכע כאַליאַסטרע. נאָך אַלעמען נאָך אַן עטאַפּ אַהיימפֿאָרן האָבן מיר אויפֿגעטאָן, האָבן מיר געקענט אויף אַ שעה פֿאַרגעסן די צרות פֿאָרויס. נישקשה איז דאָס לעבן געווען. מיר האָבן געגעסן וועטשערע בעת דער שניי האָט זיך געדרייפֿט אַראָפּ פֿון דער גלעטשער־אייבערפֿלאַך, זײַנען די דורכגעקילטע

---

[163] exposure
[164] … spume-white …
[165] shingle
[166] "… formed the landward boundary"

קערפּערס וואַרעם געוואָרן. דערנאָך האָבן מיר אויסגעטריקנט אַ שטיקל טאַבאַק בײַם אויוון, הנאה געהאַט פֿון די ליולקעס איידער מיר זײַנען אַרײַנגעקראָכן אין די געצעלטן. דער שניי האָט אונדז ניט געלאָזט געפֿינען דעם פֿלייץ־גרענעץ, האָבן מיר ניט געוווּסט ווי ווײַט וועט אַרויפֿקומען דער ים אויף דער פּלאַזשע. איך האָב אויפֿגעשלאָגן מײַן געצעלט צום ים צו פֿונעם לאַגער, איך זאָל פֿרי האָבן וואַרענונג פֿון סכּנה, און אַוודאי, צוויי אַ זייגער אין דער פֿרי האָט זיך אַ קליינע כוואַליע אַרײַנגערוקט אונטערן געצעלט־טוך, אַ תּכליתדיקער באַווײַז, אַז מיר זײַנען ניט גענוג ווײַט פֿונעם ים, אָבער אינעם האַלב־פֿינצטערניש איז געווען שווער צו וויסן ווּ וועט זײַן איכערער. אפֿשר איז געווען מזלדיק, וואָס די איבערלעבונגען האָבן אונדז צוגעווינט צו דער פּריקרעקייט פֿון פּלוצעמדיקע געצוווּנגענע איבערבײַטן דעם לאַגער. מיר האָבן אָפּגעשלאָגן די געצעלטן און זיי אויפֿגשלאָגן נאָך אַ מאָל גאָר נאָענט אַקעגן די הויכע שטיינער בײַם ים־עק פֿון דער צונג[167], ווּ גרויסע פֿעלדזן האָבן געמאַכט אַן אומבאַקוועמען רו־אָרט. אַ שווערער שניי איז געפֿאַלן. האָט די גאַנצע מאַנשאַפֿט געדאַרפֿט העלפֿן שלעפּן די שיפֿלעך ווײַטער אַרויף אויף דער פּלאַזשע, און בשעת־מעשׂה איז אונדז געקומען זייער אַן אומגליק. צוויי פֿון די פֿיר זעקל קליידער האָט מען אַוועקגעלייגט אונטערן דנאָ[168] פֿונעם *דזשעמז קיירד* און איידער מיר האָבן געקענט זען די סכּנה, האָט אַ כוואַליע אויפֿגעהויבן דאָס שיפֿל און אַוועקגעטראָגן די צוויי זעק צוריק אינעם אינדנבראָך. ס'איז אוממיגלעך געווען זיי צוריקצוקריגן. דאָס דאָזיקע אומגליק איז ניט געווען דער סוף פֿון די צרות די נאַכט. דאָס גרויסע אַכט־אירעדיקע געצעלט איז צעבלאָזן געוואָרן אין שטיקער פֿרי אין דער פֿרי. עטלעכע פֿון די אײַנוווינערס פֿון דעם דאָזיקן געצעלט האָבן געפֿונען אַנטרינונג אין אַנדערע, נאָר אַ פּאָר האָבן געבליבן אין די שלאָפֿזעק אונטער די פֿראַגמענטן טוך ביז דער צײַט פֿון אויפֿכאַפּן.

ס'האָט געבלאָזן אַ בורע פֿון דרום אין דער פֿרי דעם 18טן אַפּריל, האָט דער דרייפֿנדיקער שניי פֿאַרדעקט אַלצדינג. דער אַרויסקוק איז טאַקע געווען אַן עצבֿותדיקער, נאָר אַ סך אַרבאַט איז געבליבן און מיר האָבן ניט געקענט ניכשל ווערן אין בלײַבן אין די שלאָפֿזעק. עטלעכע ים־העלפֿאַנדן זײַנען געלעגן אַרום אויף דער פּלאַזשע איבער דער הויך־וואַסער־ליניע, האָבן מיר געקײַלט אַ פּאָר יינגערע צוליב פֿלייש און טראָן. דאָס גרויסע געצעלט איז ניט צו פֿאַרבײַטן; צוליב אָפּדאַך פֿאַר די מענטשן האָבן מיר קאַפּוירגעשטעלט דעם *דאָדלי דאָקער*, אַרײַנגעשפּאַרט די ווינט־אַרויפֿיקע[169] זײַט מיט פֿעלדזן. דערצו האָבן מיר צוגעבונדן דאָס שטריקל מיטן הינטערבאָרד־שטריקל צו די שווערסטע שטיינער

[167] "… at the seaward [?] end of the spit, …"
[168] bilge
[169] weather side אָדער windward side

אַרום, דער ווינט זאָל ניט רירן דאָס שיפֿל פֿון אָרט. די צוויי זעק קליידער האָבן געשוווּמען אַרום אין מיטן אײַז־שטיקלעך און גלעטשער־אײַז ווינט־אַרויף פֿון דער צונג, און ס'האָט זיך געדאַכט פֿאַר אוממיגלעך זיי צו קריגן. די בורע האָט געדויערט דעם גאַנצן טאָג, האָט זיך דאָס פֿײַנע דרייף פֿון דער גלעטשער־אייבערפֿלאַך צוגעגעבן צו די גרויסע שנייעלעך פֿאַלנדיק פֿון אויבן. איך האָב שאַרף איבערגעקוקט די יבשה־צונג כּדי געוווּיר צו ווערן צי ס'וועט טויגן פֿאַר אַ לאַגער־אָרט. משמעות איז אַ טייל פֿון דער פּלאַזשע געלעגן איבערן הויך־וואַסער־ליניע און די פֿעלדזן וואָס שטייען איבערן זשוויר האָבן געגעבן אַ שטיקל אָפּדאַך. ס'וואָלט געווען מיגלעך אַרויפֿצוגיין אויפֿן שניי־שיפּוע צום גלעטשער צו בײַ פֿײַנעם וועטער, נאָר איך האָב ניט געפּרוּווט אַ קוק טאָן אין דער ריכטונג אין מיטן בורע. בײַם ים־עק פֿון דער צונג איז געווען דער מאַסע שטיין פֿריִער דערמאָנט. עטלעכט טויזנטער אײַנגעריגגלט־פּנעגווינען, מיט אַ געציילטע זשענטוס[170], זײַנען געשטאַנען אויף די דאָזיקע שטיינער; מיר האָבן זיי דערזען ערשט בײַם לאַנדן מיט אַ סך צופֿרידנקייט. דער אײַנגעריגגלט־פּענגווין איז ניט דער בעסטער פֿונעם קוקווינקל פֿונעם הונגעריקן פֿאָרער, נאָר ס'איז פֿאָרט עסעוודיק. אַכט אַ זייגער פֿ"מ האָב איך באַמערקט די אײַנגעריגגלט־פּענגווינען אַז זיי זאַמלען זיך על־פּי סדר נאָענט צום ברעג, האָב איך געמיינט אַז זיי גרייטן זיך צו פֿאַר דער טעגלעכער פֿישן־עקסקורסיע, נאָר באַלד איז קלאָר געוואָרן אַז עפּעס אַ וויכטיק געשעעניש קומט פֿאָר. זיי האָבן זיך געקליבן אַוועקצוּוואַנדערן, און מיטן אָפּגאַנג וואָלט געגאַנגען אַ סך ווערטיק עסן אויסער גרייך. גיך האָבן מיר זיך באַוואָפֿנט מיט שטיקער גרינדזשעלע און אַזעלכע אימפּראָוויזירטע פֿלאָקנס, געגאַנגען צום נעסט־שטח צו. צו שפּעט. די אָנפֿירערס האָבן געגעבן זייער באַפֿעל־קוויטש, זײַנען די קאָלאָנעס אין ים אַרײַן ריי נאָך ריי אין איינעם. שווימען נאָך די אָנפֿירערס האָבן די פּענגווינען זיך אונטערגעטוקן דורכן אינדנבראָך און זיך נאָך אַ מאָל באַוויזן אינעם הייבנדיקן וואַסער ווײַטער. נאָר אַ פּאָר פֿון די שוואַכערע פֿייגל האָבן זיך דערשראָקן, צוריקגעשווּמען אויף דער פּלאַזשע, ווו זיי זײַנען קרבנות צוליב אונדזערע נייטיקייטן, איז די הויפּט־אַרמיי אַוועק אויף צפֿון, האָבן מיר זיי קיין מאָל ווידער ניט געזען. מיר האָבן מורא געהאַט, די זשענטו־פּענגווינען זאָלן ניט אָנכאַפּן זייערע אײַנגעריגגלטע שוועסטערקינדער, נאָר זיי זײַנען געבליבן בײַ אונדז; דאַכט זיך,אַז זיי זײַנען ניט איבערוואַנדערנדיקע בײַ טבֿע. אין צאָל זײַנען זיי ניט געווען קיין סך, נאָר פֿון צײַט צו צײַט זײַנען זיי אַרויס פֿון ים און געקומען צו פֿוס אויף אונדזער פּלאַזשע. די זשענטו איז די שטאַרקסטע בנוגע פֿאַרבן פֿון די אַלע קלענערע מינים פּענגווינען, און גרעסער פֿון

[170] ringed and gentoo penguins

די אַדעלי[171] אין וואָג פֿון פֿיס און ברוסט, די טיילן וואָס זײַנען אונדז ספּעציעל געפֿעלן.

דער פֿאַרלאָזענער נעסט־שטח איז דווקא געווען איבערן הויך־וואַסער־ליניע אַלע מאָל, זײַנען מיר אַרויף אויפֿן שטיינערנעם גזימס זוכנדיק אַן אָרט פֿאַר די געצעלטן. די פּענגווינען האָבן בעסער געוווּסט ווי צו מאַכן זייערע נעסטן אין גרייך פֿונעם ים, אַפֿילו זאָל דער העכסטער ים־פֿלייץ קומען צוזאַמען מיט דער שטאַרקסטע בורע. די חסרונים פֿון לאַגערן אויפֿן נעסט־שטח זײַנען געווען בולט. דער ריח איז געווען שטאַרק, איידל גערעדט, און וועט ווערן מסתּמא ניט בעסער, אַז די וואַרעמקייט פֿון די קערפּערס האָט געלאָזט צעגיין די אייבערפֿלאַך. נאָר מיר האָבן ניט געהאַט קיין סך ברירות, און דעם נאָכמיטאָג האָבן מיר אויסגעגראָבן אַן אָרט פֿאַר צוויי געצעלטן אינעם רים פֿונעם נעסט־שטח, אים אויסגעגלײַכט מיט שניי און שטיינער. מײַן געצעלט, נומער איינס, איז אויפֿגעשלאָגן געוואָרן נאָענט אונטער דער סקאַלע, און דאָרט בעת איך בין אויף העלפֿאַנד־אינדזל האָב איך געווױנט. קרינס געצעלט איז געווען נאָענט און די דרײַ אַנדערע, וואָס שטייען אויף לפֿי־ערך ריינעם שניי, זײַנען געווען עטלעכע יאַרדן אַוועק. דאָס פֿינפֿטע געצעלט איז געווען אַ וואַקלדיקע זאַך. דער שטאָף פֿונעם צעריסענעם אַכט־אירעדיקן געצעלט איז געצויגן געוואָרן איבער אַ גראָב גערעם פֿון רודערס, וואָס האָט געגעבן אַ ביסל אָפּדאַך פֿאַר די וואָס זיי האָבן דאָס באַוווינט.

די צוגרייטונג פֿונעם לאַגער, דאָס קאָנטראָלירן דאָס געצײַג, דערהרגענען און אָפּשינדן ים־הינט און ים־העלפֿאַנדן האָט אָנגעפֿילט דעם טאָג, און דערנאָך זײַנען מיר פֿרי אַרײַן אין די שלאָפֿזעק. פֿאַר מיר מיט די באַלייטערס אין געצעלט נומער איינס איז ניט באַשערט געוואָרן אַ באַקוועמע נאַכט. די וואַרעמקייט פֿון די קערפּערס האָט באַלד צעשמאָלצן דעם שניי און מיסט אונטן, איז די פּאָדלאָגע פֿונעם געצעלט אַן עיפּושדיקע געלע בלאָטע געוואָרן. דער שניי, וואָס דרייפֿט אַראָפּ פֿון די סקאַלעס אויבן, איז געלעגן ווי אַ וואָג אויף די זײַטן פֿון געצעלט, און בעת דער נאַכט האָט אַ ספּעציעל שטורעמדיקער בלאָז אַראָפּגעשטויסן אונדזער קליין שטיבל אויף אונדז אַראָפּ. מיר זײַנען געבליבן ליגן אונטער דעם שניי־באַלאָדענעם שטאָף ביזן פֿרימאָרגן, מחמת דאָס פּרוּוון ווידער אויפֿצושלאָגן דאָס געצעלט אין מיטן אַזאַ שרײַענדיקן שטורעם אין דער שטאָק־פֿינצטערער האַכט וואָלט געווען אָן אַ תּכלית.

דער וועטער איז נאָך אַלץ געווען שלעכט אין דער פֿרי דעם 19טן אַפּריל. עטלעכע פֿון דער מאַנשאַפֿט האָבן באַוויזן סימנים פֿון דעמאָראַליזאַציע. זיי האָבן

---

[171] Adelie penguin

ניט געוואָלט אַרויסקומען פֿון די געצעלטן, ווען ס'קומאָט אָן די צײַט זיך אויפֿצוכאַפּן, און ס'איז געווען קלאָר אַז זיי טראַכטן מער וועגן דער איצטיקער אומבאַקוועמקייט ווי פֿונעם מזל וואָס עס האָט אונדז געבראַכט אויף האַרטער ערד, לפֿי־ערך בשלום. די מצבֿ פֿון די הענטשקעס און היטלען וואָס עטלעכע אָפּהענטיקע מענטשן האָבן מיר זיי באַוויזן האָט אילוסטרירט די באַרימטע אָפּגעלאָזנקייט פֿון מאַטראָסן. די חפֿצים זײַנען שטײַף פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אין דער נאַכט, און די וואָס זיי האָבן דאָס געלאָזט האָט געטענהט, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז צוליב דעם האָבן זיי געהאַט אַ קריוודע, אָדער ווייניקסטענס אַ חזקה אויף בורטשען. זיי האָבן געזאָגט אַז זיי ווילן טרוקענע קליידער, און זייער געזונט לאָזט זיי ניט אַרבעטן. נאָר דורך גאָר דראַסטישע מיטלען האָט מען בײַ זיי געפּועלט זיי זאָלן טאָן זייערס. פֿאַרפֿרוירענע הענטשקעס און קאַסקעס זײַנען בלי־ספֿק גאָר אומבאַקוועם, און די געהעריקע זאַך וואָס מע דאַרפֿט טאָן איז האַלטן די זאַכן אינעווייניק אין די העמדן, זיי זאָלן ניט פֿרירן אין דער נאַכט.

די דרומדיקע בורע, טראָגנדיק מיט זיך אַ סך שניי, איז אַזוי שטרענג געווען, אַז ס'האָט מיך אַראָפּגעבלאָזן אַ שטאַרקער פֿלאָש בעת איך בין געגאַנגען לענג־אויס דער פֿלאַזשע כּדי צו דערהרגענען אַ ים־הונט. די טעפּ פֿון געצעלט נומער צוויי האָבן אַ פֿלִיענדיק לויף געטאָן אין ים אַרײַן אין דער זעלביקער רגע. אַ קאַסטן זאַפּאַסן, וואָס מע האָט אים אויף זיי אַוועקגעלייגט, זיי זאָלן בלײַבן שטיין, איז איבערגעקערט געוואָרן דורך אַ סקוואַל. צום גליק זײַנען די דאָזיקע טעפּ ניט נייטיק, מחמת כּמעט דאָס גאַנצע קאָכן האָט מען געטאָן אויפֿן טראָנאויוון. די קיך האָט מען אויפֿגעשטעלט לעבן די שטיינער בײַם געצעלט מײַנעם, אין אַ לאָך וואָס מיר האָבן באַגראָבן אינעם רים פֿונעם פּענגווינ־יין־נעסט־שטח. קאַסטנס זאַפּאַסן האָבן געגעבן עפּעס אַן אָפּדאַך פֿונעם ווינט און אַ פֿאַרשפּרייטער זעגל האָט געהאָלפֿן, דער קוכער זאָל ניט פֿאַרשנייט ווערן בײַ דער אַרבעט. ער איז שטענדיק פֿאַרנומען געווען. דער סכום ים־הינט און ים־העלפֿאַנד סטייק און טראָן וואָס מיר האָבן פֿאַרשלונגען איז געווען קוים צו גלייבן. ער האָט אַ סך הילף – דער געגנט אַרום דעם טראָנאויוון האָט צוציִונגען געהאַט פֿאַר אַלע, נאָר ער האָט פֿאַרדינט דאַנקשאַפֿט פֿון אַלעמען מיט זײַן שטענדיקער ענערגיע בײַם צוגרייטן מאָלצײַטן, וואָס זײַנען אונדז געווען געשמאַק און אָנזעטיקדיק. אָפֿן גערעדט האָבן מיר באַדאַרפֿט אַבי וואָס פֿאַר אַ בעקוועמקייט דאָס הייסע עסן האָט געגעבן. די אײַזיקע פֿינגער פֿון דער בורע האָבן דורכגעזוכט יעדער ווינקל פֿון דער פֿלאַזשע, אַרײַנגעשטויסן דורך די אָפּגעטראָגענע קליידער און צעריסענע געצעלטן. דער שניי, דרייפֿנדיק פֿונעם גלעטשער און פֿאַלנדיק פֿון הימל, האָט אונדז מיטן האָב־און־גוטס גאַנץ באַדעקט, געלייגט פּאַסטקעס פֿאַר די שטאָמפּערנדיקע פֿיס.

דער הייבנדיקער ים האָט זיך געשלאָגן אויף די שטיינער און זשוויר, געוואָרפֿן שטיקער קריִע־אײַז ביז געציילטע פֿיס פֿון די שיפֿלעך. איין מאָל בעתן אינדערפֿרי האָט די זון געשײַנט דורך די יאָגנדיקע וואָלקנס, האָבן מיר געכאַפּט אַ בליק אויפֿן בלאָען הימל, נאָר דער צוזאָג אויף גוטן וועטער האָט ניט געהאַלטן וואָרט. דער טרייסטנדיקער שטריך פֿון דער סיטואַציע איז געווען, אַז דער לאַגער איז זיכער. מיר האָבן געקענט פֿאַרטראָגן די אומבאַקוועמקייטן און איך האָב געמיינט אַז ס'וועט זײַן אַ געזונט אויף די אַלע מענטשן, די געלעגנהייט אָפּצורוען און קומען צו זיך.

[אויב דאָס איז אײַך ווייניק...]

# די שיפּל־נסיעה
## דער צווייטער נס

דער וואַקסנדיקער כוואַליעס האָבן אונדז געצוווּנגען אַרויפֿשלעפּן די שיפֿלעך ווײַטער אַרויף אויף דער פּלאַזשע. דאָס איז געווען אַן אַרבעט פֿאַר דער גאַנצער מאַנשאַפֿט, און נאָך שווערע אָנשטרענגונגען האָבן מיר אַוועקגעשטעלט די שיפֿלעך אין זיכערע ערטער צווישן די שטיינער, און צוגעבונדן די שטריקלעך אַרום גרויסע פֿעלדזן. דערנאָך האָב איך אַרומגערעדט מיט ווילדן און וואָרסלין, וואָס זײַנען די שאַנסן מע זאָל דערגרייכן דרום־דזשאָרדזשע איידער דער ווינטער פֿאַרשליסט די ימים פֿאַר אונדז. מע האָט געדאַרפֿט עפּעס טאָן צו קריגן הילף. דוחק און די שווערע אויסגעשעפּטקייט האָבן שווער געהאַנדלט די לײַט, דאָס געזונט און די גײַסטיקע מצבֿ פֿון עטלעכע מענטשן זײַנען מיר געווען גאָר שווער אויפֿן האַרצן. בלאַקבאָראָס פֿיס, וואָס זיי זיינען געהאַט פֿאַרפֿרוירן געוואָרן בעת דער שיפּל־נסיעה, זײַנען שלעכט געגאַנגען, האָבן די צוויי דאָקטוירים געהאַלטן אַז ס'וועט זײַן נייטיק אַן אָפּעראַציע. זיי האָבן מיר געזאָגט אַז מע וועט דאַרפֿן אַמפּוטירן די פּוס־פֿינגער סײַדן זיי זײַנען באַלד צו זיך צוריקגעקומען. דערצו איז דער פּראָוויאַנט געווען אַן ערנצטער ענין. מיר האָבן איבערגעלאָזט צען קאַסטנס פּראָוויאַנט אין דער שפּאַרע אין די שטיינער בײַם ערשטן לאַגער־אָרט אויפֿן אינדזל. אַ דורכקוק אויף די זאַפּאַסן האָט באַוויזן אַז מיר האָבן פֿולע ראַציעס צו יעדער אויף פֿינף וואָכן. די ראַציעס וואָלט געקלעקט אויף דרײַ חדושים מיט אַ פֿאַרקלענערטער פּאָרציע און מסתּמא וואָלט געווען דערצו ים־הינט און ים־העלפֿאַנדן אויף אַ געוויסער מאָס. איך האָב זיך ניט געקענט זיכער פֿאַרלאָזן אויף אַ זאַפּאַס פֿון פֿלייש און טראָן, מחמת די חיות, ס'האָט זיך גאַדאַכט, האָבן פֿאַרלאָזן די פּלאַזשע און דער ווינטער איז שיִער ניט אָנגעקומען. צו דער האַנט האָבן מיר דרײַ ים־הינט און צוויי מיט אַ האַלב פֿעלן (מיט טראָן צוגעטשעפּעט). דער עיקר זײַנען מיר געווען אָפּהענגיק אינעם טראָן פֿאַר ברענוואַרג, און נאָך אַ קורצן איבערבליק אויף דער מצבֿ, האָב איך באַשלאָסן אַז די פּאַרטיע וועט האָבן בלויז איין הייסן מאָלצײַט אַ טאָג.

אַ שיפּל־נסיעה זוכן הילף איז געווען נייטיק אומגעזאַמט. אָט דער אויספֿיר איז אויף מיר פֿאָרסירט געוואָרן. דער נאָענסטער פּאָרט ווו מע קען זיכער געפֿינען הילף איז געווען פּאָרט סטענלי, אין די פֿאַלקלענדער־אינדזלען[172], ווײַט 540 מײַלן, נאָר מיר האָבן קוים געקענט האָפֿן זעגלען ווינט־אַרויף[173] אַקעגן די

---

[172] Port Stanley, in the Falkland Islands
[173] beat up

געוויינטלעכעווינטן פֿונעם צפֿון־מערבֿ אין אַ ברעכיק און פֿאַרשוואַכט שיפֿל מיט אַ קליין שטח זעגל. דרום־דזשאָדזשע איז ווײַט געווען מער ווי 800 מײַלן, נאָר ער איז געלעגן פּונקט אינעם געגנט פֿון די ווינטן פֿון מערבֿ, האָב איך זיך געקענט פֿאַרלאָזן אויף געפֿינען וואַלפֿיש־יעגערס בײַ איינעם אַ וואַלפֿיש־סטאַנציע אויפֿן מיזרחדיקן ברעג. אַ שיפֿל־פּאַרטיע האָט אפֿשר געקענט מאַכן אַזאַ נסיעה, צוריקקערן מיט הילף אין ניט מער ווי אַ חודש, בתּנאַי אַז דער ים איז פּטור פֿון אײַז און דאָס שיפֿל זאָל איבערלעבן די ריזיקע כוואַליעס. ס'איז געווען גרינג צו זען, אַז דרום־דזשאָרדזשע מוז זײַן דער ציל, האָב איך אָנגעהויבן מאַכן פּלענער ווי אַזוי. די סכּנות בײַ אַ שיפֿל־נסיעה איבער 800 מײַלן שטורעמדיקער סובאַנטאַרקטישער ים זײַנען בולט געווען, נאָר איך האָב גערעכנט אַז צום ערגסטן וועט דער פּרוּוו ניט שאַטן די שאַנסן פֿון די וואָס בלײַבן אויפֿן אינדזל. בעתן ווינטער וואָלט געווען ווייניקער וואָס דאַרפֿן עסן, וואָלט דאָס שיפֿל געדאַרפֿט נעמען זאַפּאַסן נאָר פֿאַר זעקס מענטשן אויף אַ חודש, מחמת קומען מיר ניט אָן בײַ דרום־דזשאָרדזשע אין אָט דער צײַט, זײַנען מיר זיכער דערטרונקען געוואָרן. מיר איז געווען וויכטיק, אַז ס'איז אין גאַנצן אוממיגלעך, מע זאָל נאָך אונדז אַרומזוכן אויף העלפֿאַנד־אינדזל.

די לאַגע האָט מען געדאַרפֿט דערקלערן מיט אַלע פּרטים, מחמת די גאַנצע מאַנשאַפֿט האָט גוט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ סכּנהדיקע נסיעה לייגט מען פֿאָר. דער אײַנשטעל איז געווען כּדאַי נאָר צוליב אונדזער דרינגלעך נייטיקן זיך אין הילף. דער אָקעאַן אויף דרום פֿון קאַפּ־האָרן אין מיטן מײַ איז באַרימט ווי דער שטורעמדיקסטער צעבלאָזענער שטח וואַסער אויף דער גאָרער וועלט. דער וועטער איז דעמאָלט ניט־אײַנגעאָרדנט, די הימלען טעמפּע, פֿאַרצויגענע, די בורעס קומען נאָך אַנאַנד שיִער ניט אָן אויפֿהער. דאָס האָבן מיר געדאַרפֿט איבערלעבן אין אַ קליין, וועטער־צעשלאָגן[174] שיפֿל, שוין אָפּגעניצט פֿון דער אַרבעט אין די פֿאַרגאַנגענע חדשים. וואָרסלי און ווילד האָבן דערזען אַז מע מוז דעם פּרוּוו טאָן, האָט יעדער געבעטן ער זאָל מיטפֿאָרן מיט מיר אויף דער דאָזיקער נסיעה. איך האָב ווילדען גלײַך געזאָגט אַז ער מוז בלײַבן דאָ. איך האָב זיך אויף אים פֿאַרלאָזט, ער זאָל האַלטן די פּאַרטיע צוזאַמען בעת איך בין אַוועק, און טאָמער מיר קומען ניט צוריק מיט הילף, זאָל ער גיין אויף וויפֿל ער קען פֿרילינגצײַט קיין אָפּנאַר־אינדזל. וואָרסלי קומט מיט מיר, ווײַל איך האָב שטאַרק געהאַלטן פֿון זײַן געניטקייט און גיכקייט ווי אַ נאַוויגאַטאָר, בפֿרט בײַם כאַפּן און אויסרעכענען די פּלאַצירונג אין שווערע באַדינגונגען – וואָס מיינונג איז נאָר שטאַרקער געוואָרן אויף דער נסיעה אַליין. נאָך פֿיר מענטשן האָבן מיר געדאַרפֿט, האָב איך באַשלאָסן

[174] weather-beaten

פֿרעגן נאָך בעלנים, כאָטש דעם אמת געזאָגט, האָב איך שוין געוווּסט ווער עס איז וואָס זיי זאָלן מיטפֿאָרן מיט אונדז. קרין, האָב איך פֿאָרגעלייגט, זאָל בלײַבן אויפֿן אינדזל ווי אַ הויפּט־געהילף פֿאַר ווילדן, נאָר ער האָט אַזוי שטאַרק געבעטן איך זאָל אים מיטנעמען אינעם שיפֿל, האָב איך דאָס איבערגערעדט מיט ווילדן און אים צוגעזאָגט, ער זאָל מיטפֿאָרן. איך האָב די מענטשן צונויפֿגערופֿן, דערקלערט דעם פּלאַן, און געבעטן בעלנים. אַ סך זײַנען תּיכּף פֿאָרויסגעקומען. עטלעכע זײַנען געווען ניט גענוג געזונט פֿאַר דער נייטיקער אַרבעט, אַנדערע וואָלטן ניט געווען קיין הילף אינעם שיפֿל, מחמת זיי זײַנען ניט געווען געניטע מאַטראָסן, כאָטש די איבערלעבונגען די פֿאַרגאַנגענע חדושים האָבן זיי גוט געלערנט. מקילרוי און מאַקלין האָבן שטאַרק געוואָלט מיטפֿאָרן אָבער האָבן פֿאַרשטאַנען אַז זייער חובֿ ליגט דאָ אויפֿן אינדזל מיט די קראַנקע. זיי האָבן פֿירגעלייגט איך זאָל מיטנעמען בלאַקבאָראָ, ער זאָל אָנקומען בײַ אָפּדאַך און וואַרעמקייט וואָס גיכער, נאָר דאָס האָב איך ניט געקענט דערלאָזן. ס'וועט שווער גענוג זײַן פֿאַר געזונטע מענטשן אינעם שיפֿל. באמת איז מיר אוממיגלעך געווען, אַז אַ קראַנקער, ליגנדיק הילפֿלאָז אונטן אין שיפֿל, זאָל קענען ניצול ווערן אינעם שווערן וועטער וואָס מוז קומען. סוף־כּל־סוף האָב איך אויסגעקליבן מקניש[175], מקאַרטי, און ווינסענט, מיט וואָרסלי און קרין. די מאַנשאַפֿט האָט אויסגעזען אַ שטאַרקע, און בעת איך האָב געקוקט אויף די מענטשן האָב איך בײַ זיך זיכערער געפֿילט.

דאָס אָפּגעמאַכט, בין איך מיט וואָרסלין און ווילדן דורך דער זאַווערוכע געגאַנגען אַ קוק צו טאָן אויפֿן *דזשעמז קיירד*. דאָס 20-פֿוס שיפֿל האָט קיין מאָל ניט אויסגעזען ווי אַ גרויסע; איצט האָט זי זיך עפּעס אײַנגעצויגן, אַז מע קוקט אויף אים און טראַכט פֿון דער קומעדיקער אונטערנעמונג. זי איז געווען סטאַם אַ *שיפֿס וואַלפֿיש־שיפֿל*, נישקשהדיק שטאַרק, אָבער שוין מיט סימנים פֿון די אָנשטרענגונגען וואָס זי האָט פֿאַרטראָגן זינט די *אויסהאַלט* איז צונויפֿגעשטויסן געוואָרן. דער אָרט, וווּ ער האָט אַ לאָך באַקומען אַז מיר זײַנען אַרויס פֿונעם פּאַק, איז, צום גליק, העכער געווען פֿון דער וואַסער־ליניע, איז דאָס גרינג פֿאַרלאַטעט. שטייענדיק לעבן אים האָבן מיר אַ קוק געטאָן אויפֿן ראַנד פֿונעם שטורעמדיקן, מהומהדיקן ים וווּהין מיר דאַרפֿן פֿאָרן. בולט, אַז די נסיעה אונדזערע וועט זײַן אַ גרויסע אַוואַנטורע. איך האָב צוגערופֿן דעם סטאָליער, אים געפֿרעגט צי קען ער עפּעס טאָן, דאָס שיפֿל זאָל זײַן ים־ווערדיק. האָט ער ערשט געפֿרעגט צי ער פֿאָרט מיט און ס'איז אים גאָר געפֿעלן, אַז איך האָב אים געזאָגט אַז "יאָ." ער איז געווען אַלט מער ווי פֿופֿציק יאָר, און ניט אין גאַנצן געזונט און שטאַרק, נאָר ער האָט גוט

[175] Harry “Chippy” McN[e]ish: סטאָליער ("Chippy“ איז אַ געוויינטלעך צונעמעניש בײַ שיפֿס־סטאָליערס).

געוווּסט פֿון זעגל־שיפֿלעך, און איז זייער אַ פֿעיִקער[176]. מקניש[177] האָט געזאָגט, אַז ער קען אויסטראַכטן עפּעס אַ דעקונג פֿאַרן *דזשעמז קיירד*, אויב ער קען ניצן די דעקן פֿון די קאַסטנס און די פֿיר גרינדזשעלעך, וואָס מיר האָבן צוגעבונדן אינעווייניק אינעם שיפֿל, טאָמער מיר זאָלן לאַנדן אויף גראַהאַם־לאַנד בײַ ווילהעלמינע־בוכטע[178]. די דאָזיקע בוכטע, אַ מאָל דער ציל אונדזערער, איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הינטן בעת מיר דרייפֿן, אָבער די גרינדזשעלעך זײַנען בײַ אונדז געבליבן. דער סטאָליער האָט פֿירגעלייגט ער זאָל דערגאַנצן די דעקונג מיט אַ טייל פֿון אונדזער קאַנווע, האָט ער תּיכּף אָנגעהויבן פּלאַנירן.

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג, איז די בורע גאָר שטאַרקער געוואָרן ווי אַלע מאָל. מיר האָבן ניט געקענט ווײַטער גיין מיט די צוגרייטונגען דעם טאָג. די געצעלטן האָבן געליטן אינעם ווינט, און דער ים האָט זיך אויפֿגעהויבן. מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו דער שניי־שיפּוע בײַם באָרטנדיקן[179] עק פֿונעם שפּיץ, האָבן בדעה געהאַט אויסצוגראָבן אַ לאָך אינעם שניי גענוג גרויס צו באַשיצן די גאַנצע מאַנשאַפֿט. איך האָב געהאַט אין זינען, אַז ווילד מיט זײַן מענטשן קענען זיך דאָרט לאַגערן בעת איך בין אַוועק, ווײַל ס'האָט זיך אויסגעזען אוממיגלעך, די געצעלטן זאָלן אויסהאַלטן קיין סך טעג מער אַקעגן דעם אָנפֿאַל פֿונעם ווינט; נאָר אַ קוק אויף אָט דעם אָרט האָט באַוויזן אַז אַבי וואָס פֿאַר אַ לאָך מיר זאָלן אויסגראָבן, וואָלט זי גיך אָנגעפֿילט געוואָרן מיטן דרייף. פֿאַר נאַכט האָבן מיר אַלע זיך אַוועקגעלייגט שלאָפֿן, נאָך אַ וועטשערע צו אַ פּאַניקין הייסע מילך, איינעם אַ טײַערער ביסקוויט, און אַ קאַלטן פּענגווין־פֿוס.

די בורע איז נאָך שטאַרקער געוואָרן אויף מאָרגן (דעם 20סטן אַפּריל), האָט מען ניט געקענט אַרבעטן. זאַווערוכע מיט שניי, שניי מיט זאַווערוכע, מיט אַ מאָל שטיל און דערנאָך נאָך אַ מאָל צאָרנדיק. אין די אײַנשטילן האָבן מיר געקענט זען אויפֿן ווײַטן האָריזאָנט אויף צפֿון־מיזרח בערג אין אַלע גרייסן, אין אַלע פֿורמען, געטריבן פֿאַר דער בורע. דער בייזער אויסזע פֿון די לויפֿנדיקע מאַסן האָט אונדז גאָר דאַנקבאַר געמאַכט, אַז אָנשטאָט קאַמפֿן מיטן שטורעם אין מיטן אײַז, האָבן מיר בלויז געדאַרפֿט פֿאַרטראָגן דעם דרייף פֿון די גלעטשערס און אינלענדישע הייכן. די פֿלאָשן האָבן אונדז געקערט אַראָפּוואַרפֿן פֿון די פֿיס, אָבער בעסער אַז מיר פֿאַלן אַראָפּ אויף דער האַרטער ערד ווי אויף די וויגנדיקע קריִעס. צוויי ים־הינט זײַנען אַרויפֿגעקומען אויף דער פּלאַזשע דעם טאָג, איינער נעענטער ווי אַ

[176] מע זאָגט אַז אַחוץ דער דערמאָנטע סיבה, האָט ער מקניש מיטגענומען, ווײַל ער האָט אַ מאָל געפּרוּווט אַ בונט אָפּצוטאָן, האָט שעקלטאָן געוואָלט "האַלטן די שׂונאים [אָדער די שטערערס] נעענטער."

[177] אינעם ענגלישן טעקסט שטייט "McCarthy"; איך מיין אַז דאָס איז אַ טעות.

[178] Graham Land at Wilhelmina Bay

[179] shoreward

צען יאַרדן פֿונעם געצעלט מײַנעם. אַזוי דרינגלעך איז געווען אונדזער נייטיקייט פֿון עסן און טראָן, אַז איך האָב צוגערופֿן די גאַנצע מאַנשאַפֿט און אָרגאַניזירט אַ ריי טרײַבערס, אָנשטאָט פּשוט צוגיין צום דאָזיקן ים־הונט און אים אַ שלאָג געבן אויפֿן נאָז. האָט ער אַ פּרווו געטאָן אַנטלויפֿן, זײַנען מיר אַלע געווען גרייט אויף אים אָנצופֿאַלן. מע האָט אים דערהרגעט מיט אַ קירקע־הענטל און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן מיר אַוועקגעלייגט עסן אויף פֿינף טעג מיט טראָן אויף זעקס טעג אין אַ זיכערן אָרט צווישן די שטיינער העכער פֿון דער הויך־וואַסער־ליניע. דעם טאָג איז דער קוכער, וואָס האָט גוט געאַרבעט אויף דער קריִע און אויף דער גאַנצער נסיעה, פּלוצעם אײַנגעפֿאַלן. בין איך געווען בײַ דער קיך[180] פּונקט דעמאָלט, האָב איך אים געזען פֿאַלן. איך האָב אים אַראָפּגעשלעפּט באַרג־אַראָפּ אין זײַן געצעלט אַרײַן און אים אַרײַנגעשטעקט אינעם *שלאָפֿזאַק*, געהייסן די געצעלט־מיטווינערס ער זאָל דאָרט בלײַבן ביז איך גיב אים דערלויבעניש אַרויסצוקומען אָדער ביז דער דאָקטאָר זאָגט ער איז גענוג געזונט. איך האָב דעמאָלט גאַמאַכט פֿאַרן קוכער איינער וואָס האָט זיך געוואָלט אַוועקלייגן *שטאַרבן*. די עובֿדה האַלטן דעם קיך־פֿײַער אָנגעצונדן איז געווען סײַ שווער סײַ אָנשטרענגיק, האָט דאָס אים מבֿטל געווען פֿון די שאַנסן פֿון באַלדיקער צערינונג. אין דער אמתן האָב איך אים אַ ביסל שפּעטער געפֿונען טיף באַזאָרגט מיטן אויסטריקענען אַ ניט־איבערציכטיק פּאָר זאָקן, וואָס זיי הענגען זייער נאָענט צו דער אָוונט־מילך. דאָס טועכץ האָט זײַן מוח צוריקגעבראַכט בײַ טאָג־טעגלעכע זאַכן.

ס'איז געווען אַן אײַנשטיל אינעם שלעכטן וועטער דעם 21סטן אַפּריל, האָט דער סטאָליער אָנגעהויבן אויסקלײַבן מאַטעריאַל פֿאַרן באַדעקן דעם *דזשעמז קיירד*. ער האָט צוגעפּאַסט דעם מאַסטבוים פֿונעם *סטענקאָם ווילס* פֿון פֿאָרנט ביז הינטן[181] אינעווייניק אינעם *דזשעמז קיירד* ווי אַ חזיר־רוקן[182], כּדי צו פֿאַרשטאַרקן דעם קיל, דאָס שיפֿל זאָל זיך ניט "חזירן"[183] – ד"ה, זיך צונויפֿקאָרטשן אין שווערע כוואַליעס. ער האָט ניט גענוג האָלץ געהאַט צו שאַפֿן אַ דעק, נאָר מיט די גרינדזשעלעך און קאַסטן־דעקלעך האָט ער גאַמאַכט אַ גערעם פֿון פֿאָדעראָרט[184] אויף הינטן ביז דער פֿירער־קאַבינע[185]. ס'איז געווען אַ געלאַטעכץ, נאָר האָט צוגעשטעלט אַ באַזע פֿאַר אַ קאַנווענער דעקונג. מיר האָבן

---

[180] galley
[181] fore and aft
[182] hog-back: אַ נאָמען נאָך דעם פֿאָרעם פֿון אַ חזירס רוקן, אַ לינדער בויגן.
[183] "hogging": אויסגעטראַכט נאָכן סובסטאַנטיוו "hog-back".
[184] forecastle: דער פֿעדערשטער טייל פֿון אַ שיף (אַרויסגערעדט אויף ענגליש ווי "פֿאָקסל")
[185] well, or cockpit: ווו מע פֿירט דאָס שיפֿל (ווו געפֿינט זיך די קערמע); אויך פֿון וואַנען מע קריכט אַרונטער. אין דעם פֿאַל ניט קיין אמתע קאַבינע (ווי אויף אַן אַעראָפּלאַן), נאָר אַן עפֿענונג אינעם דעקונג.

געהאַט אַ ראָלקע פֿאַרפֿרוירענע קאַנווע, וואָס מע האָט זי געדאַרפֿט אָפּשניטן, לאָזן צעגיין איבערן טראָנאויוון, פֿוס נאָך פֿוס, איידער מע האָט זי געקענט צונייען ווי אַ דעקונג. ווען מע האָט זי פֿעסט צוגעבונדן אָנגעלט און צוגעשרויפֿט אין אָרט, האָט זי אַוודאי אויסגעזען ווי אַ זיכער שיפֿל, כאָטש איך בין געווען אומרויִק, אַז ס'איז טאַקע עפּעס ווי דעקאָראַציע, וואָס קען אויסזען ווי אַ גראַניטענע וואַנט אָבער וואָס איז פֿאַקטיש מער ניט ווי קאַנווע און שטיקלעך האָלץ. ווי ס'האָט זיך אויסגעפֿאַלן האָט דער דאָזיקע דעקונג גאָר גוט געטויגט. געוויס וואָלטן מיר ניט דורכגעלעבט די נסיעה אָן איר.

נאָך אַ רציחהדיקע בורע האָט געבלאָזן דעם 22סטן אַפּריל, שטערנדיק די צוגרייטונגען פֿאַר דער נסיעה. דער אויוון פֿון געצעלט נומער פֿינף איז אַוועק[186] אין אַ פֿלאָש, און כאָטש מע האָט זיך נאָך אים געיאָגט ביזן ברעג וואַסער, איז ער פֿאַרשווונדן געוואָרן אויף אייביק. בלאַקבאָראָס פֿיס האָבן אים אַ סך וויי געטאָן, האָבן מקילרוי און מאַקלין געמיינט אַז זיי וועלן באַלד דאַרפֿן אָפּערירן. זיי האָבן געמיינט אַז ס'איז ניטאָ קיין קלאָראָפֿאָרם, אָבער זיי האָבן אַ ביסל געפֿונען אינעם אַפּטייקל נאָכדעם ווי מיר זײַנען אַוועק. עטלעכע קאָסטנס זאַפּאַסן וואָס מע האָט זיי איבערגעלאָזט אויף אַ שטיין בײַם יבשה־צונג ווען מיר זײַנען ערשט אָנגעקומען האָט מען צוריקגעקראָגן דעם טאָג. מיר האָבן געהאַלטן אין אָפּלייגן זאַפּאַסן פֿאַר דער שיפֿל־נסיעה און אויסקלײַבן דעם נייטיקן אויסריכט פֿונעם קנאַפּן אינווענטאַר אין אונדזער רשות. צוויי צען־גאַלאָן פֿעסלעך האָבן מיר געדאַרפֿט אָנגיסן מיט וואַסער פֿון אײַז געזאַמלט צופֿוסן פֿונעם גלעטשער. דאָס איז געווען גאָר אַ פּאַמעלעכער עסק. דער טראָנאויוון האָט געברענט די גאַנצע נאַכט, האָט דער וועכטער אויסגעגאָסן דאָס וואַסער אין די פֿעסלעך אַרײַן פֿונעם טאָפּ ווו דאָס אײַז שמעלצט. אַן אַרבעטפּאַרטיע האָט אָנגעהויבן אויסגראָבן אַ לאָך אינעם שניי־שיפּוע אַ פֿערציק פֿוס איבער דער הויך־וואַסער־ליניע צו מאַכן אַ לאַגער־אָרט. תּחילת איז דאָס גוט געגאַנגען אָבער דער שניי האָט זיך אַראָפּגעדרייפֿט אָן אויפֿהער פֿונעם אינלאַנדישן אײַז, האָבן זיי סוף־כּל־סוף געדאַרפֿט אָפּלאָזן דעם פּראָיעקט.

דער וועטער איז גוט געווען דעם 23סטן אַפּריל, האָבן מיר זיך געאײַלט מיט די צוגרייטונגען. אָט דעם טאָג האָב איך לסוף באַשלאָסן אַז די מאַנשאַפֿט אויפֿן *דזשעמז קיירד* זאָל זײַן וואָרסלי, קרין, מקניש, מקאַרטי, און ווינסענט מיט מיר. אַ שטורעם איז אָנגעקומען מיטאָג, מיט טרײַבנדיקן שניי און שווערע סקוואַלן. טייל מאָל איז די לופֿט קלאָר געוואָרן אַויף אַ פּאָר מינוט, האָבן מיר געקענט זען אַ ריי

---

[186] came adrift

פּאַק־אײַז, ווײַט פֿינף מײַלן, פֿאַרבײַגעטריבן פֿון מערבֿ אויף מיזרח. דאָס בילד האָט מיך געטריבן גיך אָפּצופֿאָרן. דער ווינטער איז נעענטער געקומען, באַלד האָט געקענט דער פּאַק זיך צומאַכן אין גאַנצן אַרום דעם אינדזל, פֿאַרהאַלטן דעם אָפּפֿאָר אויף טעג, אַפֿילו וואָכן. מיר האָט זיך געמיינט, אַז דער אײַז בלײַבט אַ גאַנצן ווינטער פֿעסט אַרום העלפֿאַנד־אינדזל, ווײַל די שטאַרקע ווינטן מיט גיכע שטראָמען האַלטן אין איין דאָס באַוועגן. מיר האָבן באַמערקט אײַז און בערג פֿירן זיך פֿאַרבײַ אַ פֿיר־פֿינף מײַל אַ שעה. אַ געוויסע מאָס אײַז האָט זיך צוגעקלעפּט צום שפּיץ, אָבער דער ים איז אָפֿן געווען ווו מיר דאַרפֿן לאַנצירן דאָס שיפֿל.

וואָרסלי און ווילד זײַנען מיט מיר אַרויף אויפֿן הויכפּונקט פֿון די שטיינער בײַם ים, גוט באַטראַכט דעם אײַז פֿון אַ בעסערן קוקווינקל ווי פֿון דער פּלאַזשע. דער פֿאַס פּאַק־אײַז אין דרויסן האָט אויסגעזען גענוג צעבראָכן פֿאַר דעם, וואָס מיר דאַרפֿן טאָן, האָב איך באַשלאָסן, אַז מאָרגן פֿאָרן מיר אָפּ אינעם *דזשעמז קיירד*, כּל־זמן דער מצבֿ בלײַבט ניט ערגער. שוין באַשלאָסן, האָב איך פֿאַרבראַכט דעם טאָג איבערקוקן דאָס שיפֿל, דאָס געצײַג, און די זאַפּאַסן, און אַרומרעדן מיט וואָרסלין און ווילדן די פּלענער.

אונדזער לעצטע נאַכט אויף דער האַרטער ערד פֿון העלפֿאַנד־אינדזל איז געווען אַ קאַלטע און אומבאַקוועמע. מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט באַגינען, געגעסן פֿרישטיק. דערנאָך האָבן מיר לאַנצירט דעם *סטענקאָם ווילס*, זי געלאָדן מיט זאַפּאַסן, געצײַג, און באַלאַסט[187], וואָס דאָס אַלץ וועט מען אַריבערטראָגן אינעם *דזשעמז קיירד* ווען דאָס שווערערע שיפֿל איז אַרײַן אויפֿן וואַסער. דעם באַלאַסט האָט מען געשאַפֿן פֿון זעקלעך געמאַכט פֿון קאָלדרעס, אָנגעפֿילט מיט זאַמד, אַ וואָג סך־הכּל פֿון אַ 1000 פֿונטן. דערצו האָבן מיר אָנגעקליבן געציילע קײַלעכדיקע שטיינער מיט אַ 250 פֿונטן אײַז, ווי אַ צוגאָב צו די צוויי פֿעסלעך וואַסער.

די זאַפּאַסן אַרײַנגענומען אינעם *דזשעמז קיירד*, וואָס זאָל קלעקן זעקס מענטשן אויף אַ חודש, זײַנען געווען אַזוי:

30 קעסטלעך שוועבלעך
6½ גאַלאָנען נאַפֿט
1 בלעכל אַלקאָהאָל[188]
10 קעסטלעך שײַנסיגנאַלן[189]

---

[187] ballast
[188] methylated spirit
[189] flamers: אפֿשר אַ מין סיגנאַל?

1 קעסטל בלאָע ליכט[190]
2 פּרימוס־אויוונס מיט זאַפּאַסטיילן און פּוץ־נאָדלען[191]
1 נאַנסען אַלומיניום קאָכער[192]
6 שלאָפֿזעק
אַ פּאָר זאַפּאַסיקע זאָקן
עטלעכע ליכט און אַ ביסל טראָן־אייל אין אַן אייל־זאַק.

עסן:

3 קאַסטנס שליטן־ראַציעס = 300 פּאָרציעס
2 קאַסטנס ניס־עסן = 200 "
2 קאַסטנס ביסקוויטן = 600 ביסקוויטן
1 קאַסטן אַהול־צוקער
30 פּעקלעך טרומילך[193]
1 בלעכל באָוריל־קובן
1 בלעכל קערעבאָס־זאַלץ[194]
36 גאַלאָנען וואַסער
250 פֿונטן אײַז

כלים:

זעקטאַנט[195]
ים־אַנקער
בינאָקל
ים־קאַרטעס
פּריזמאַטיק־קאָמפּאַס[196]
אַנערויד[197]

ס'איז נאָר געווען אַ קליינער ים־אויפֿלויף ווען מע לאַנצירט דאָס *סטענקאָם וויִלס*, איז דאָס שיפֿל אַראָפּ אויפֿן וואַסער אָן צרות; נאָר מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, אַז מיר ברענגען אַראָפּ דעם *דזשעמז קיירד*, האָט זיך דער אויפֿלויף פּלוצעם פֿאַרגרעסערט. אַ פּנים האָט די באַוועגונג פֿונעם דרויסנדיקן אײַז געמאַכט אַן עפֿענונג, געלאָזט דעם ים אַרײַן, ניט אײַנגעשטילט דורך דער ריי

190 blue lights: נאָך אַ מין סיגנאַל
191 prickers: קליינע נאָדלען וואָס מע ניצט אויסצורייניקן סאַזשע פֿונעם נאַפֿט־לעכל.
192 אַ נאָמען נאָך Fridtjof Nansen, אַבאַרימטער נאָרוועגישער אויספֿאָרשער און דער אויסגעפֿינער פֿון דעם מין קאָכער.
193 Trumilk: אַ מין מילך־פּראָשיק
194 Cerebos salt: פּשוטע זאַלץ – "קערעבאָס", ווײַזט אויס, איז אַ מאַרקע־נאָמען אין ענגלאַנד.
195 sextant
196 prismatic compass
197 aneroid: באַראָמעטער

פּאַק־אײַז. דער אויפֿלויף האָט אַלץ געמאַכט שווער. אַ סך פֿון אונדז זײַנען דורכגעווייקט געוואָרן ביז דער טאַליע בײַם אַראָפּשלעפּן דאָס שיפֿל – אַן ערנצטער ענין אין דעם אָ קלימאַט. ווען דער *דזשעמז קיירד* איז אויפֿן וואַסער אינעם אינדנבראָך האָט ער זיך כּמעט געוואָרפֿן מיטן קאָפּ אַראָפּ[198] אויף די שטיינער איידער מיר האָבן אים געקענט האַלטן פֿרײַ, זײַנען ווינסענט מיטן סטאָליער, וואָס זײַנען געווען אויפֿן דעק, אַראָפּ אין וואַסער אַרײַן. טאַקע אַן אומגליק, ווײַל די צוויי וואָלטן ניט געהעט קיין געלעגנהייט אויסצוטריקענען די קליידער ווי נאָר מיר פֿאָרן אָפּ. הערלי, וואָס האָט אַן אויג פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאָטאָגראַף צו דערזען "געשעענישן", האָט פֿאָטאָגראַפֿירט דאָס איבערקערעניש, און איך גלייב גאָר, אַז ער וואָלט געוואָלט די צוויי אומגליקלעכע מענטשן זאָלן בלײַבן אינעם וואַסער, ביז ער קען כאַפּן אַ בילד פֿון נאָענט; נאָר מיר האָבן זיי תּיכּף אַרויסגעצויגן, מילא וואָס ער זאָל ניט ווילן.



10 אַראָפּלאָזן דעם *דזשעמז קיירד* אויפֿן וואַסער

דער *דזשעמז קיירד* איז באַלד אַרויס פֿון די ברעכנדיקע כוואַליעס[199]. מיר האָבן געניצט די אַלע פֿאַראַנענע שנורן ווי אַ לאַנג שטריקל ער זאָל ניט אַוועקדרייפֿן אויף צפֿון־מיזרח, איז דער *סטענקאָם ווילס* דעמאָלט געקומען זײַט בײַ זײַט, איבערגעגעבן די לאַסט, און צוריקגעפֿאָרן צום ברעג קריגן נאָך מער. ווען מע האָט זי גענומען אויף דער פּלאַזשע, האָט אַ כוואַליע גענומען זײַן הינטערבאָרד, אים האַלב אָנגעפֿילט מיט וואַסער. מע האָט אים געמוזט אַריבערדרייען, אויסגיסן דאָס וואַסער איידער זיי קענען קומען צוריק. יעדער פֿון

[198] nearly capsized
[199] breakers

דער מאַנשאַפֿט פֿונעם *סטענקאָם ווילס* איז דורכגעווייקט ביז דער הויט געוואָרן. די וואַסער־פֿעסלעך האָבן מיר געשלעפּט הינטערן *סטענקאָם ווילס* בײַ אָט דעם צווייטן פֿאָר, האָט דער אויפֿלויף, וואָס וואַקסט גיך, דאָס שיפֿל געטריבן אויף די שטיינער, ווו איינער פֿון די פֿעסלעך איז אַ ביסל צעבראָכן געוואָרן[200]. די דאָזיקע סיבה האָט זיך שפּעטער באַוויזן פֿאַר אַן ערנצטער, מחמת אַ ביסל סאַלץ־וואַסער איז אַרײַנגעדריפּעט אין פֿעסל אַרײַן, איז דאָס וואַסער אַ ביסל זאַלצלעך געוואָרן.

מיטאָגצײַט איז דער *דזשעמז קיירד* שוין גרייט געווען פֿאַר דער נסיעה. ווינסענט און דער סטאָליער האָבן געקראָגן טריקענע קליידער פֿון עטלעכע וואָס בלײַבן דאָ (שפּעטער האָב איך געהערט אַז ס'האָט געדויערט אַ גאַנצע צוויי וואָכן איידער די נאַסע קליידער זײַנען אויסגעטריקנט געוואָרן), און די שיפֿלסלײַט זײַנען גרייט געווען, וואַרטנדיק אויפֿן באַפֿעל זיך לאָזן אין וועג אַרײַן[201]. אַ מאָסיקער ווינט פֿון מערבֿ האָט געבלאָזן. איך בין אויף דער יבשה געפֿאָרן אינעם *סטענקאָם ווילס*, גערעדט אַ לעצט וואָרט מיט ווילדן, וואָס ער בלײַבט דאָ דער פֿולער שעף, מיט אָנווײַזונגען וועגן וואָס ער זאָל טאָן טאָמער מיר פֿאַלן דורך אין ברענגען הילף, אָבער איך האָב עס אין זײַנע הענט כּמעט די גאַנצע זאַך געלאָזט, ווייסנדיק גוט אַז ער וועט קלוג פֿירן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך געטרוי אים אָן די פּאַרטיע, זיך געזעגנט מיט די מענטשן. דערנאָך זיינען מיר דאָס לעצטע מאָל אַרויס אויפֿן וואַסער[202], מיט עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך אַריבער אינעם *דזשעמז קיירד*. די מאַנשאַפֿט פֿונעם *סטענקאָם ווילס* האָט אונדז געדריקט די האַנט בעת די שיפֿלעך בוצקען זיך, געגעבן די לעצטע גוטע ווונטשן. דערנאָך האָבן מיר אויפֿגעשלאָגט דעם דזשיב[203], געשניטן דאָס שטריקל, און אָפּגעזעגלט אויפֿן צפֿון־מיזרח. די וואָס בלײַבן האָבן אויסגעזען ווי אַ קלאָגעדיק קליין רעדל, שטייענדיק אויף דער פּלאַזשע מיט די פֿאַרביסענע הויכענישן הינטער זיי און דעם צוואַלעוועטן ים צופֿוסנס, אָבער זיי האָבן געפֿאָכעט מיט די הענט און געגעבן דרײַ שטאַרקע וויוואַטן. ס'איז געווען אַ האָפֿענונג אין זייערע האַרצן, האָבן זיי אונדז געטרויט ברענגען די נייטיקע הילף.

איך האָב געהאַט די אַלע זעגלען אויפֿגעשלאָגן, איז דער *דזשעמז קיירד* גיך אָפּגעפֿאָרן, די פּלאַזשע מיט דער ריי טונקעלע פֿיגורן איז פֿאַרשוווּנדען געוואָרן הינטערן האָריזאַנט[204]. דער ווינט פֿון מערבֿ האָט אונדז גיך געבראַכט בײַ דער ריי פּאַק־אײַז, און בעת מיר זײַנען אַריין אין דעם, בין איך אויפֿגעשטאַנען מיטן אָרעם

[200] stove in

[201] … for the order to cast off

[202] pushed off

[203] "… set the jib"

[204] … dipped the beach …

אַרום דעם מאַסטבוים, באַוויזן דעם וועג כּדי אויסצומײַדן די גרויסע פּײַדעס אײַז וואָס דאָס הייב פֿונעם ים וואַרפֿט אַרום און אַרום. דער פּאַק איז געדיכטער געוואָרן, האָט אונדז געצווונגען זיך דרייען כּמעט גלײַך אויף מיזרח, צולויפֿנדיק פֿאַרן ווינט צו אַן אײַנרײַס וואָס איך האָב פֿריִער געהאַט געזען אין דער פֿרי פֿונעם העכערן גרונד. איצט האָב איך ניט געקענט זען דעם אײַנרײַס, נאָר מיר זײַנען אַרויס אין זײַן ריכטונג און איך בין צוגעגרייט טאָמער ער איז געגאַנגען מיטן מיזרחדיקן דרייף. פֿיר אַ זייגער נ"מ האָבן מיר געפֿונען דעם קאַנאַל, גאָר ענגער ווי ס'האָט אויסגעזען אין דער פֿרי, נאָר נאָך אַלץ שיפֿיק. אַראָפּלאָזן די זעגלען, האָבן מיר דורכגערודערט אָן שום קאָנטאַקט מיטן אײַז, און ערשט האַלב זעקס נ"מ זײַנען מיר אַרויס פֿונעם פּאַק מיט אָפֿן וואַסער פֿאָרויס. מיר זײַנען פֿאַרבײַ נאָך איין שטיק אײַז אין דער פֿינצטער מיט אַ שעה שפּעטער, נאָר דער פּאַק איז הינטער אונדז געווען, און מיט אַ גוטן ווינט אָנפֿילנדיק די זעגלען, האָבן מיר געקערעוועט דאָס קליין שיפֿל דורך דער נאַכט, די האָפֿענונגען קאָנצענטרירט אויפֿן ווײַטן ציל. דער אויפֿלויף איז איצט געווען זייער שווער, און ווען ס'איז אָנגעקעומען די צײַט פֿאַרן אָוונט־מאָלצײַט, האָבן מיר קוים־קוים געקענט האַלטן דעם פּרימוס־לאָמפּ אָנגעצונדן, אָפּהאַלטן דער הוש זאָל ניט פּליושקען פֿון טעפּ אַרויס. דאָס קאָכן האָט געפֿאָדערט דרײַ מענטשן, איינער זאָל האַלטן דעם לאָמפּ, די אַנדערע צוויי פּרווון אָפּהיטן דאָס אַלומיניענע טאָפּ, וואָס מע האָט געדאַרפֿט אויפֿהייבן פֿונעם פּרימוס, אַז די באַוועגונג פֿונעם שיפֿל וואָלט געמאַכט אַ טל. דערצו האָט מען געדאַרפֿט באַשירעמען דעם לאָמפּ פֿונעם וואַסער, ווײַל שפּטיצן זײַנען אַריבערגעקומען איבערן פֿאָדערבאָרד, און די נישטיקע דעקונג איז בשום־אופֿן וואַסער־באַוואָרנט. די גאַנצע אַרבעט האָט מען געפֿירט אינעם ענגען אָרט אונטער דער דעקונג, ווו די מענטשן ליגן צי קניִען, זיך אויסגלײַכן וויפֿל זיי קענען אויף די עקן פֿון די קאַסטנס און שטיינער. ס'איז געווען אומבאַקוועם, נאָר מיר האָבן זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז אָן דער דעקונג וואָלטן מיר ניט געקענט אַפֿילו אָנהייבן קאָכן.

די מעשׂה פֿון די קומעדיקע זעכצן טעג נעמט אַרײַן די העכסטע קריג אין מיטן הייבנדיקע וואַסערן. דער סובאַנטאַרקטישער אָקעאַן האָט אויסגעהאַלטן זײַן בייזן ווינטער־שם. איך האָב באַשלאָסן לויפֿן אויף צפֿון ווייניקסטנס צוויי טעג, בעת דער ווינט בלײַבט, כּדי אָנצוקומען בײַ וואַרעמערן וועטער איידער בייגן זיך אויף מיזרח, אויף אַ קורס קיין דרום־דזשאָרדזשע. מיר זײַנען געגאַנגען נאָך דער ריי צו צוויי שעה אויף דער קערמע. די וואָס זײַנען ניט געווען אויף דער וואַך האָבן אַרײַנגעקראָכן אין די דורכגעווייקטע שלאָפֿזעק, געפּרוווט פֿאַרגעסט די צרות אויף אַ ווײַלע, נאָר ס'איז ניט געווען קיין באַקוועמלעכקייט אינעם שיפֿל. די זעק און

קאַסטנס האָבן זיך אויפֿגעפֿירט ווי לעבעדיקע זאַכן, מיט אַ כּסדרדיקער טבֿע אַלע מאָל שטורכען מיט די אומבאַקוועמסטע עקן אונדזערע רו־זוכנדיקע גופֿים. אַ מענטש האָט זיך געקענט פֿאָרשטעלן אויף דער רגע אַז ער האָט געפֿונען אַ רחבֿותדיקע פּאָזיציע, נאָר ער איז גיך געוווּיר געוואָרן אַז עפּעס אַ האַרטער שפּיץ שטופּט אויף מוסקל צי ביין. די ערשטע נאַכט אויפֿן שיפֿל איז געווען גאָר אַן אומבאַקוועמע פֿאַר אונדז אַלע, זײַנען מיר אַלע שטאַרק גליקלעך געווען אַז ס'קומט אָן דער קאַיאָר, קענען מיר אָנהייבן צוגרייטן אַ הייסן פֿרישטיק.

אָט דער באַריכט פֿון דער נסיעה קיין דרום־דזשאָרדזשע קומט פֿון קנאַפּע נאָטיצן אָנגעשריבן טאָג פֿאַר טאָג. די נאָטיצן האָבן געוויינטלעך באַהאַנדלט די הוילע פֿאַקטן – ווײַטקײַטן, פּאָזיציעס, וועטער – נאָר אין זכרונות אונדזערע זײַנען געבליבן די געשעענישן פֿון די דאָזיקע טעג אין אַן אומפֿאַרגעסלעכער צײַט. מיט די ערשטע צוויי טעג פֿאָרן אויף צפֿון האָב איך געהאָפֿט צו געפֿינען וואַרעמערן וועטער און דערצו אויסצומײַדן שערענגעס פּאַק וואָס קערן זיך ציִען אַוועק פֿונעם פּאַק גופֿא. מיר האָבן באַדאַרפֿט די אַלע מעלות פֿון דער העכערער געאָגראַפֿישער ברייט צוליב פֿאָרן אויפֿן גרויסן קרײַז[205], נאָר אויך האָבן מיר געדאַרפֿט זיך אָפּהיטן פֿאַר די מיגלעכע אײַז־שטראָמען. אַרײַנגעשטאָפּט אין די ענגע קוואַרטירן און שטענדיק באַנעצט פֿונעם שפּריץ, האָבן מיר שטאַרק געליטן פֿון קעלט במשך פֿון דער גאַנצער נסיעה. מיר האָבן געקעמפֿט מיט די ימים און מיט די ווינטן, און אין דער זעלביקער רגע האָבן מיר געהאַט אַ טעגלעכע טירחע זיך צו האַלטן בײַם לעבן. ס'האָט אונדז צײַטנווײַז געשטעלט אין אַ גרויליקער סכּנה. געוויינטלעך האָבן מיר זיך געמונטערט מיטן געדאַנק אַז מיר פֿאָרן צו צום לאַנד וווּ מיר ווילן שוין אָנקומען, נאָר עס זײַנען געווען טעג און נעכט ווען מיר האָבן געהאַלטן שטיין, דרייפֿן איבערן שטורעם־ווײַסן ים, אָנקוקן מיט ניט אומרויִקע נאָר נײַגעריקע אויגן די אויפֿהייבנדיקע מאַסעס וואַסער, וואָס די נאַטור וואַרפֿט אַהין און צוריק, שטאָלץ מיט אירע אייגענעם כּוח. טיף האָבן אויסגעזען די טאָלן ווען מיר ליגן צווישן די וויגנדיקע כוואַליעס. הויך זײַנען געווען די בערגלעך ווען מיר זיצן אויף אַ רגע אויף די שפּיצן פֿון ריזיקע הויפֿנס וואַסער[206]. כּמעט שטענדיק זײַנען געווען בורעס. אַזוי קליין איז געווען דאָס שיפֿל אונדזערס און אַזוי גרויס זײַנען געווען די כוואַליעס, אַז אָפֿט האָט דער זעגל נאָר ווייך געפֿאָכעט אין דער שטילקייט צווישן די קאַמען פֿון צוויי כוואַליעס. דערנאָך זײַנען מיר אַרויף אויפֿן נאָענסטן שיפּוע, געכאַפּט דעם פֿולן צאָרן פֿון דער בורע ווו די וואָלענע ווײַסקייט פֿונעם ברעכנדיקן וואַסער האָט אַרום אונדז געפֿלייצט. מיר

---

[205] great circle: די קירצסטע רוטע צווישן צוויי פּונקטן אויף אַ גלאָבוס.
[206] combers

האָבן געהאַט מאָמענטן מיט געלעכטער – זעלטענע טאַקע, נאָר האַרציקע. אַפֿילו ווען צעשפּאַלטענע ליפּן און געשוואָלענע מײַלער האָבן געהאַמעוועט דרויסנדיקע און אָנזייעוודיקע סימנים פֿון פֿאַרווײַלונג, האָבן מיר געקענט פֿאַרשטיין אַ וויץ פֿונעם פּרימיטיוון מין. דעם מענטשלעכן הומאָר איז אַלע מאָל גרינג געריכט דורך די קליינע צרות פֿון די שכנים, וועל איך קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן וואָרסליס אָנשטרענגונגען איין מאָל צו שטעלן דעם הייסן אַלומיניענעם שטענדער אויבן אויפֿן פּרימוס־אויוון ווען ס'איז אַראָפּגעפֿאַלן צוליב אַ היפּש שווערן דריי[207]. מיט די פֿאַרפֿרוירענע פֿינגער האָט ער עס אויפֿגעהויבן, געלאָזט פֿאַלן, און עס געהאַלטן געוואָרנט אַזוי ווי ס'איז עפּעס אַ דעליקאַט שטיקל פּרויען־קליידער. מיר האָבן זיך צעלאַכט, אָדער גיכער געריזלט מיט געלעכטער.

דער ווינט איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער, זיך גאַמאַכט פֿאַר אַ בורע פֿונעם צפֿון־מערבֿ דעם דריטן טאָג אויפֿן וועג. מיר זײַנען אַוועק[208] אויף מיזרח. די וואַקסנדיקע כוואַליעס האָבן געפּונען די שוואַכקייטן אין דער דעקונג. דאָס כסדערדיקע שלאָגן האָט געררוקט די קאַסטן־דעקלעך און גרינדזשעלעך אַזוי אַז די קאַנווע איז אַראָפּגעהאַנגען, אָנגעזאַמלט וואַסער. אײַזיקע ריטשקעלעך, באַזונדער פֿון די געטריבענע שפּריצן, האָבן זיך דערנאָך געגאָסן פֿאָרנט און הינטן אין שיפֿל אַרײַן. די נאָגלען וואָס דער סטאָליער האָט אַרויסגענומען פֿון די קאַסטנס בײַ העלפֿנט־אינדזל כּדי צו פֿאַרפֿעסטיקן די ברעטלעך[209] זײַנען געווען צו קורץ פֿעסט צו מאַכן די דעקונג. מיר האָבן געטאָן וואָס מע קען דאָס פֿעסט צו מאַכן נאָר מיט גאָר באַגרענעצטע מיטלען, איז דאָס וואַסער ווײַטער אַרײַן אין שיפֿל בײַ אַ טוץ ערטער. מע האָט געדאַרפֿט אָפֿט מאָל אַרויסוואַרפֿן וואַסער, און ס'איז גאָר אוממיגלעך געווען צו פֿאַרמײַדן דאָס געצײַג זאָל ניט דורכגעווייקט ווערן. די זוכנדיקע שטראָמעלעך פֿון דער קאַנווע זײַנען טאַקע אומאײַנגענעמער ווי די פּלוצעמדיקע, באַשטימטע שפּריץ־אָנפֿאַלן. ליגנדיק אונטער די ברעטלעך[210] אונטן, האָבן די וואָס זײַנען פֿרײַ פֿון דיזשור אומזיסט געפּרוּווט זיי אויסצומײַדן. ס'זײַנען ניט געווען קיין טרוקענע ערטער ערגעץ ווו אין שיפֿל, און סוף־כּל־סוף האָבן מיר פּשוט באַדעקט די קעפּ מיט די בערבעריס, און אויסגעהאַלטן דאָס אומעטום־דורכדרינגלעכע וואַסער. דאָס אַרויסוואַרפֿן וואַסער איז געווען אַרבעט פֿאַר דער וואַך. אמתע רו האָבן מיר קיין שטיק ניט געהאַט. די אייביקע באַוועגונג פֿונעם שיפֿל האָט צעשטערט אַלע רו; מיר זײַנען געווען קאַלטע, אָנגעווייטיקטע, באַזאָרגטע. מיר האָבן אַרומגעקראָכן אויף אַלע פֿיר אינעם האַלבפֿינצטערניש בײַ

---

[207] roll

[208] stood away

[209] battens

[210] thwarts: ברעטלעך וואָס גייען פֿון זײַט צו זײַט, האַלטן, פֿאַרשטאַרקן דאָס שיפֿל אין דער ברייט.

טאָג אונטער דער דעקונג. ס'איז גאָר פֿינצטער געוואָרן שוין ביז זעקס אַ זייגער נ"מ, און ערשט זיבן אַ זייגער פֿ"מ צו מאָרגנס האָבן מיר זיך געקענט זען אונטער די ברעטלעך. מיר האָבן געהאַט אַ פּאָר שטיקלעך ליכט, וואָס מיר האָבן זיי פֿאַרשפּאָרט צוליב ליכט בײַ מאָלצײַטן. ס'איז יאָ געווען איין עפּעס אַ טרוקענער אָרט אינעם שיפֿל, אונטער דער אָריגינעלער דעקונג בײַם פֿאָדערבאָרד, האָבן מיר באַוויזן אויסצוהיטן אַ טייל פֿונעם ביסקוויט פֿונעם זאַלץ־וואַסער. נאָר איך מיין אַז דער טאַם פֿון זאַלץ איז בײַ אונדז אַלע געבליבן אין די מײַלער בשעת דער גאַנצער נסיעה.

די שוועריקייטן מיטן באַוועגן זיך אינעם שיפֿל וואָלט געווען שפּאַסיק אויב ניט פֿאַר די סך ווייטיקן און יסורים. מע האָט געדאַרפֿט פּויזען אונטער די ברעטלעך כּדי צו גיין לענג־אויס דעם שיפֿל, זײַנען די קניִען גאָר אויסגעריסן געוואָרן. אַז ס'קומט אַרויס די צווייטע וואָך, האָב איך געמוזט הייסן יעדער מיטן נאָמען ווו און ווען זיך צו באַוועגן, ווײַל אויב זיי אַלע וואָלטן געקראָכן אין איין צײַט וואָלט געווען אַ גאַנצע בהלה מיט אַ סך קלעפּ. דערצו האָט מען געמוזט האַלטן אין אַכט ווי עס ליגט דאָס שיפֿל[211]. דער סדר פֿון דער וואַך איז געווען פֿיר שעה אָן, פֿיר שעה אָפּ, מיט דרײַ מענטשן אויף דיזשור. איינער האָט געהאַלטן די קערמע־שנורן, אַ צווייטער פֿאַרנעמט זיך מיטן זעגל, און דער דריטער האָט ארויסגעוואָרפֿן וואַסער מיט אַלע כּוחות. אַ מאָל אַז דאָס וואַסער אין שיפֿל איז ניט אַזוי טיף, האָט מען געקענט ניצן די פּאָמפּע. די דאָזיקע פּאָמפּע, וואָס הערלי האָט געשאַפֿן פֿונעם קאַסטן פֿונעם פֿלינדערס־שטאַנג[212] פֿון דער שיפֿס נאָרמאַלן קאָמפּאַס, איז געווען גאָר עפֿעקטיוו, כאָטש זײַן קאַפּאַציטעט איז ניט געווען קיין גרויסע. דער וואָס האַנדלט דעם זעגל האָט געקענט פּאָמפּעווען אינעם גרויסן דרויסנדיקן קאָכער אַרײַן, וואָס מע הייבט אים אויף און גיסט אים אויס אין וואַסער אַרײַן[213] אַז ער ווערט אָנגעפֿילט. מיר האָבן געהאַט אַ המצאה וואָס מיט איר גייט דאָס וואַסער פֿון פּאָמפּע דירעקט אין ים אַרײַן, דורך אַ לאָך בײַם שיפֿקאַנט, נאָר די לאָך האָבן מיר געדאַרפֿט פֿאַרשטאָפּן פֿרי אין דער נסיעה, מחמת זי לאָזט אַרײַן וואַסער אין שיפֿל אַרײַן אַז דאָס שיפֿל קאַטשעט זיך.

בעת די נײַע וואַך ציטערט אינעם ווינט און שפּריץ, האָבן די נאָר וואָס באַפֿרײַטע מענטשן גיך גענישטערט אין די דורכגעווייקטע שאָלפֿזעק, געפּרוּווט כאַפּן אַ שטיקל וואַרעמקייט איבערגעלאָזט פֿון די פֿריִערדיקע באַווינערס, נאָר ס'איז ניט אַלע מאָל מיגלעך געווען מיר זאָלן געפֿינען אַפֿילו די דאָזיקע

---

[211] ...the trim of the boat"

[212] Flinder's bar: אַ שטאַנג פֿון ווייכן אײַזן וואָס מע ניצט אים צו פֿאַרריכטן ווו דער קאָמפּאַס ווײַזט.

[213] overboard

באַקוועמלעכקייט ווען מיר זײַנען פֿרײַ פֿון דיזשור. די שטיינער, וואָס מיר האָבן אָנגעלאָדן פֿאַר באַלאַסט, האָט מען געדאַרפֿט איבעררוקן כּדי צו קאָנטראָלירן ווי עס ליגט דאָס שיפֿל און אויך צוליב צוטריט צו דער פּאָמפּע, וואָס איז אַלע מאָל פֿאַרשטאָפּט געוואָרן מיט האָר פֿון די אַראָפּוואַרפֿנדיקע[214] שלאָפֿזעק און פֿינעסקאָ[215]. די פֿיר שלאָפֿזעק פֿון רעניפֿער־הויט האָבן זיך פֿרײַ אַראָפּגעוואָרפֿן מיט האָר צוליב דער כּסדרדיקער נאַסקייט, האָבן זיי באַלד ליסע אויסגעזען. דאָס איבעררוקן די שטיינער איז געווען פֿאַרמאַטערנדיקע און ווייטיקדיקע אַרבעט. מיט דער צײַט האָבן מיר געקענט יעדער שטיין דורך ראיה און חוש־המישוש, און עד־היום האָב איך בולטע זכרונס פֿון זייערע קאַנטיקע אייגנקייטן. אפֿשר וואָלטן זיי שטאַרק פֿאַרינטערעסירט אַ וויסנשאַפֿטלער ווי געאָלאָגישע עקזעמפּלאַרן אין גליקלעכערע צושטאַנדן. ווי באַלאַסט זײַנען זיי געווען ניצלעך. ווי געוויכטן וואָס מע האָט זיי געדאַרפֿט אַרומרוקן, זײַנען זיי געווען פּשוט שרעקלעך. זיי האָבן ניט פֿאַרשפּאָרט קיין איינציקן אָרט אויף אונדזערע אָרעמע קערפּערס, דערצו אַ צרה, כּדאַי דאָ צו דערמאָנען, איז געווען דאָס אָנרײַבן די פֿיס פֿון די נאַסע קליידער, וואָס מיר האָבן זיי ניט איבערגעביטן שוין זיבן חדשים. אינעווייניק אויף די דיכן איז רוי אָנגעריבן, האָט די איינציקע טובע הייזעלײַן־קרעם[216] אינעם אַפּטייקל ניט געקלעקט אין לינדערן דעם ווײ, וואָס איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן דורכן ביס פֿונעם זאַלץ־וואַסער. דעמאָלט האָבן מיר געמיינט אַז מיר האָבן קיין מאָל ניט געשלאָפֿן. אין דער אמתן פֿלעגן מיר דרעמלען, אומבאַקוועם, ביז אַ גיכן אויפֿוועקן צוליב אַ נײַעם ווײ אָדער נאָך אַ רוף אויף דער אַרבעט. ווי אַ צוגאָב צו דער אַלגעמיינער אומבאַקוועמקייט איז מיר אָנגעפֿאַלן אַ שטאַרקע סײַאַטיקע[217]. דאָס איז מיר ערשט אָנגעקומען אויף דער קריִע מיט אַ פּאָר חדדים צוריק.

די מאָלצײַטן זײַנען רעגולער געווען, מילא די בורעס. אַכט אין דעם ענין איז געווען גאָר וויכטיק, אַז די באַדינגונגען פֿון דער נסיעה האָבן גאַמאַכט אַלץ שטאַרקערע פֿאָדערונגען אויף אונדזער לעבעדיקייט. פֿרישטיק, אַכט אַ זייגער פֿ"מ איז געווען אַ פּאַניקין הייסער הוש, פֿון באָווריל שליטן־ראַציעס געמאַכט, צוויי ביסקוויטן, און געציילטע פּײַדעס צוקער. דאָס אָנבײַסן איז געקומען איינס אַ זייגער נ"מ, באַשטאַנען פֿון באָווריל שליטן־ראַציעס, געגעסן רוי, און אַ פּאַניקין הייסע מילך צו יעדער איינעם. טיי, פֿינף אַ זייגער נ"מ, האָט געהאַט דעם זעלבן מעניו. בעת דער נאַכט האָבן מיר געהאַט אַ הייסן טרונק, געוויינטלעך מילך. די מאָלצײַטן זײַנען געווען ווי העלע שײַנטורעמעס אין יענע קאַלטע און שטורעמדיקע

---

[214] moulting

[215] finneskoe: אַ מין ווייכער שטיוול פֿון רעניפֿער־הויט מיט פֿעלץ, גאָר וואַרעם.

[216] Hazeline cream: מסתּמא אַ מין Vaseline.

[217] sciatica

טעג. דער גלי פֿון וואַרעמקייט און באַקוועמקייט געשאַפֿן פֿון דאָס עסן און געטראַנק האָבן אונדז אַלע געמאַכט פֿאַר בעלי־בטחון. מיר האָבן געהאַט צוויי בלעכלעך וויראָל[218], וואָס מיר האָבן זיי אָפּגעלייגן צוליב אַ נויט־מצבֿ, נאָר אַז מיר האָבן זיך געניייטיקט אין אַן אייל־לאָמפּ צו דערגאַנצן דעם זאַפּאַס ליכט, האָבן מיר אויסגעגאָסן איינס פֿון די בלעכלעך, אין אַן אופֿן וואָס איז אונדז גאָר געפֿעלן, און אַרײַנגעשטעלט אַ קנויט פֿון דרויבלעך קאַנווע. אָנגעפֿילט מיט אייל האָט דער אָ לאָמפּ געגעבן אַ געוויסער מאָס ליכט, כאָטש ס'איז גרינג אויסגעלאָשן אינעם ווינט, איז דאָס אונדז געווען אַ גרויסע הילף בײַ נאַכט. אונדז איז געווען גוט, וואָס שייך ברענוואַרג, ווײַל מיר האָבן געהאַט זעקס מיט אַ האַלב גאַלאָנען נאַפֿט.

אַ שטרענגע בורע פֿין דרום־מערבֿ דעם פֿערטן טאָג אויפֿן וועג האָט אונדז געצוווּנגען האַלטן שטיין. איך וואָלט געוואָלט לויפֿן פֿאַרן ווינט, נאָר דער ים איז געווען זײַער הויך, אַ סכּנה, אויב דער *דזשעמז קיירד* וואָלט זיך געדרייט אין דער קוווער[219] און אָנגעפֿילט געוואָרן מיט וואַסער[220]. דער אָפּהאַלט איז געווען אַ רייצונג, מחמת ביז דעמאָלט האָבן מיר געמאַכט אַ זעכציק־זיבעציק מײַל אַ טאָג, אַ גוטער מהלך מיט דעם באַגרענעצטן שטח זעגל. מיר האָבן געהאַלטן שטיין מיט טאָפּל־פֿאַרקלענערטן[221] הויפּט־זעגל און דעם קליינעם דזשיגער[222], געוואַרט ביז די בורע זאָל זיך אויסבלאָזן. דעם נאָכמיטאָג האָבן מיר דערזען שטיקלעך וואַק, דאָס איבערבלײַבס מסתּמא פֿון אַ נעבעכדיקער שיף וואָס איר איז ניט געלונגען אויסהאַלטן די שטאַרקע בורעס אויף דרום פֿון קאַפּ־האָרן. דער וועטער האָט זיך ניט פֿאַרבעסערט, און דעם פֿינפֿטן טאָג איז די בורע אַזוי שרעקלעך געוואָרן אַז מיר מוזן אַראָפּרײַסן דעם טאָפּל־פֿאַרקלענערטן הויפּט־זעגל, אַרויפֿציִען די קליינע דזשיב[223] אינעם אָרט. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ים־אַנקער כּדי צו האַלטן דעם *דזשעמז קיירדס* קאָפּ פּנים־אל־פּנים מיט די כוואַליעס[224]. דעם דאָזיקן אַנקער האָט מען עשאַפֿאַן פֿון אַ דרײַעקיקן קאַנוועוונעם זאַק צוגעבונדן צום עק שטריקל און געלאָזט אַרויסשטראָמען פֿונעם פֿאָדערבאָרד. דאָס שיפֿל איז געווען הויך גענוג צו כאַפּן דעם ווינט און אַז ער דרייפֿט ווינט־אַראָפּ, האָט די שלעפּקראַפֿט פֿונעם אַנקער געהאַלטן דעם קאָפּ ווינט־אַרויף. דערפֿאַר האָט דאָס שיפֿל גענומען ס'רובֿ כוואַליעס פֿון פֿאָרנט. אַפֿילו דעמאָלט האָבן זיך די קאַמען פֿון די כוואַליעס אָפּט

[218] Virol: אַ וויטאַמין־פּרעפּאַראַט געמאַכט פֿון מאַלץ־עקסטראַקט.
[219] broach: דרייען זיך מיט אַ זײַט ווינט־אַרויף.
[220] swamp
[221] double-reefed: אַ "ריף" אין דעם זינען איז אַ פֿאַרקלערונג פֿונעם זעגל־שטח צוליב צו־שטאַרקע ווינטן.
[222] jigger: "דער קלענערער מאַסט אויף הינטן" אָבער אין דעם פֿאַל מיין איך אַז דאָס איז אַ מין דזשיב (זעט הערה 223).
[223] jib: אַ קליינער דרײַעקיקער זעגל, גע וויינטלעך אויפֿגשלאָגן אויפֿן מאַסטבוים אויף פֿאָרנט.
[224] "… head up to the sea."

איבערגעגרײַזלט פּונקט איבער אונדז, האָבן מיר אַרײַנגענומען[225] גאָר אַ סך וואַסער, פֿאָדערן אָנאויפֿהערדיקן אַרויסוואַרפֿן וואַסער און פּאָמפּעווען. קוקנדיק אויף אַ זײַט[226] זעט מען אַ חלל ווי אַ טונעל געפֿורעמט ווען דער קאַם פֿון אַ גרויסער כוואַליע פֿאַלט אַריבער אויף אַ וואַקסנדיקער מאַסע וואַסער. אַ טויזנט מאָל האָט זיך געדאַכט, אַז דער *דזשעמז קיירד* מוז דערטרונקען ווערן, נאָר ער איז געבליבן לעבן. די דרום־מערבֿדיקע בורע איז געבוירן געוואָרן איבערן אַנטאַרקטישן וועלטטייל, האָט איר פֿרירנדיקער אָטעם מינערט די טעמפּעראַטור שיִער ניט ביז נול. די שפּריצן זײַנען פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אויפֿן שיפֿל, געגעבן דעם פֿאָדערבאָרד, די זײַטן, און די דעקונג אַ שווערן מאַנטל פֿון פּאַנצער. דאָס אָנגעקליבענע אײַז האָט פֿאַרקלענערט די שווימיקייט פֿונעם שיפֿל, וואָס איז יאָ אַ צוגעגעבענע סכּנה, אָבער ס'האָט מיט זיך געבראַכט איין מערקווערדיקע מעלה פֿון איין קוקווינקל. דאָס וואַסער האָט אויפֿגעהערט טריפֿן און רונען פֿון דער קאַנווע, איז דער שפּריץ אַרײַנגעקומען נאָר אין דער קאַבינע אויף הינטן. מיר האָבן ניט געקענט צולאָזן, אַז די לאַסט אײַז זאָל ניט וואַקסן איבער אַ געוויסער מאָס, האָבן מיר נאָך דער ריי געקראָכן אויף דער דעקונג פֿאָרנט, אָפּשפּרינגען און פּיקן אויף אים מיט די פֿאַראַנענע כּלים.

באַגינען דעם זעקסטן טאָג אויפֿן וועג האָבן מיר געזען און געפֿילט אַז דער *דזשעמז קיירד* האָט פֿאַרלוירן איר פֿעדערדיקייט. זי האָט זיך ניט אויפֿגעהויבן אויף די אָנקומענדיקע כוואַליעס. די וואָג פֿון אײַז וואָס האָט זיך געפֿורעמט אַרונטער און אויבן האָט גאַהאַט איר ווירקונג, איז דאָס שיפֿל מער און מער ניט קיין שיפֿל, נאָר אַ קלאָץ. מע האָט יאָ געדאַרפֿט עפּעס תּיכּף טאָן. כּודם־כּל האָבן מיר אַוועקגעבראָכן די איבעריקע רודערס, וואָס זײַנען אין גאַנצן פֿאַרהילט געוואָרן מיט אײַז, פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אויף די שיפֿל־זײַטן, און זיי אַרויסגעוואָרפֿן אין וואַסער אַרײַן. צוויי רודערס האָבן מיר בײַ זיך גאַהאַלטן, וועלן זיי נייטיק זײַן ווען מיר קומען צו צו דער יבשה. צוויי פֿון די פּעלצענע שלאָפֿזעק זײַנען אַרויס איבער דער זײַט, גאַנץ דורכגעווייקט, צו פֿערציק פֿונדן אין דער וואָג, שטײַף פֿאַרפֿרוירן אין דער נאַכט. דרײַ מענטשן זײַנען אויס וואַך אין איין צײַט, אונטן, און אַז מע לייגט זיך אַוועק שלאָפֿן, איז בעסער אַרײַנצוקריכן אין אַ נאַסן זאַק וואָס אַן אַנדער איז נאָר וואָס אַרויס, איידער צעלאָזן אַ פֿאַרפֿרוירענעם זאַק מיט דער אייגענער היץ נעבעך. איצט האָבן מיר געהאַט פֿיר זעק, דרײַ געניצטע און איינער אָפּגעלייגט טאָמער קומט אַ נויטפֿאַל, זאָל איינער פֿון אונדז אין גאַנצן פֿאַרקריפּלט ווערן. די פֿאַרקלענערונג אין דער וואָג האָט פֿאַרלײַכטערט דאָס שיפֿל ביז אַ געוויסער מאָס,

[225] shipped
[226] abeam

און קראַפֿטיק אָפּשפּרינגען און אָפּקראַצן האָט נאָך מער געהאָלפֿן. מיר האָבן געדאַרפֿט זײַן זייער זאָרגעוודיק, מיר זאָלן ניט דורכשטעכן די פֿאַרפֿרוירענע קאַנווע מיט האַק אָדער מעסער, בעת מע קריכט איבער אים, נאָר ביסלעכווײַז האָבן מיר אַוועקגעבראָכן אַ סך אײַז. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף די אייביקע כוואַליעס ווי אַ לעבעדיקער נאָך אַ מאָל.

בערך עלף אַ זייגער פֿ"מ האָט דאָס שיפֿל זיך פּלוצעם אַ דריי געטאָן[227] אינעם טאָל צווישן כוואַליעס. דאָס שטריקל האָט זיך צעשייט, איז דער ים־אַנקער אַוועק. סכּנת־נפֿשות. דער *דזשעמז קיירד* איז אַוועק ווינט־אַראָפּ, געווען גאָר אוממיגלעך צוריקצוקריגן דעם אַנקער מיט דעם ווערטיקן שנור, וואָס זיי זײַנען געהאַט געווען דער איינציקער מיטל צו האַלטן דעם שיפֿלס קאָפּ פּנים־אל־פּנים מיט די כוואַליעס אָן דעם אײַנשטעל פֿון אַרויפֿציִען אַ זעגל אין מיטן בורע. איצט האָבן מיר געמוזט אויפֿשלאָגן דעם זעגל און האָפֿן אַז ס'וועט זיך ניט צערײַסן. בעת דער *דזשעמז קיירד* קאַטשעט זיך אינעם טיפֿפּונק, האָבן מיר געשלאָגן די פֿאַרפֿרוירענע קאַנווע ביז ס'רובֿ אײַז איז אַוועקגעשפּאָלטן געוואָרן, דערנאָך אַרויפֿגעצויגן דעם זעגל. דאָס פֿאַרפֿרוירענע צי־מיטל האָט זיך שווער געלאָזט אַרבעטן, נאָר נאָך אַ סך אָנשטרענג איז דאָס קליינע שיפֿל נאָך אַ מאָל אַרויפֿגעקומען אויפֿן ווינט[228], איז אונדז גאָר לײַכטער אויפֿן האַרצן געוואָרן. אָפּפֿרוירס[229] אויף דער הויט האָבן אונדז ווײ געטאָן, מיט גרויסע פּוכירן אויף די פֿינגער און די הענט. איך וועל אַלע מאָל טראָגן דעם שנאַר פֿון איינעם אַן אָפּפֿרויר אויף דער לינקער האַנט, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן נאָך דעם ווי די הויט האָט זיך געעפֿנט און די קעלט איז טיף אַרײַנגעביסן.

מיר האָבן געהאַלטן דאָס שיפֿל ווינט־אַרויף אין דער בורע דעם גאַנצן טאָג, אויסהאַלטן אויף וויפֿל נאָר מען קען אומבאַקוועמקײַטן וואָס זײַנען טאַקע יסורים. דאָס שיפֿל האָט זיך געוואָרפֿן אָן אַ סוף אויף די גרויסע כוואַליעס אונטער גרויע דראָענדיקע הימלען. אונדזער קלערן איז ניט ווײַטער געגאַנגען ווי די נייטיקייטן פֿון דער שעה אַליין. יעדער אָנפֿלייץ פֿונעם ים איז געווען אַ שׂינא וואָס מע האָט געדאַרפֿט באַוואַכן, פֿאַרשטערן. מיר האָבן געגעסן די קאַרגע מאָלצײַטן, באַהאַנדלט די אָפּפֿרוירס, און געהאָפֿט אַז אויף מאָרגן וועט זײַן גרינגער. די נאַכט איז פֿרי צוגעפֿאַלן, און אין די לאַנגע שעהן פֿון פֿינצטערניש האָבן מיר זיך דערפֿרייט מיט אַ פֿאַרבעסערונג מיטן וועטער. דער ווינט איז שוואַכער געוואָרן, די שניי־סקוואַלן זעלטענער, דער ים פֿאַרמילדערט. באַגינען דעם זיבעטן טאָג איז

[227] "… fell off …": ד"ה, מיט די זײַטן ווינט־אַראָפּ און ־אַרויף.
[228] “came up to the wind”: ד"ה, מיטן פֿאָדערבאָרד ווינט־אַרויף.
[229] frostbites

געוועזן קוים אַ ווינט. מיר האָבן אויסגעטרייסלט דעם ריף פֿונעם זעגל און נאָך אַ מאָל געגומען זעגלען קיין דרום־דזשאָרדזשע. די זון האָט זיך באַוויזן העל און קלאָר, האָט וואָרסלי באַלד געכאַפּט אַ מעסטונג פֿאַר געאָגראַפֿישער לענג. מיר האָבן געהאָפֿט אַז דער הימל וועט קלאָר בלײַבן ביז האַלבן טאָג, מיר זאָלן קענען קריגן די ברייט. ס'איז שוין געווען זעקס טעג אָן אָבסערוואַציעס, איז אונדזער טויט־רעכענונג[230] געווען דווקא אומזיכער. דאָס שיפֿל האָט געדאַרפֿט אויסזען מאָדנע דעם אינדערפֿרי. יעדער איינער האָט זיך געוואַרעמט אין דער זון. מיר האָבן אויפֿגעהאָנגען די שלאָפֿזעק אויפֿן מאַסטבוים און אויסגעשפּרייט די זאָקן און אַנדערע כּלים אומעטום אויף דער דעקונג. אַ טייל פֿונעם אײַז אויפֿן *דזשעמז קיירד* האָט זיך צעגאַנגען פֿרי אין דער פֿרי נאָכדעם ווען די בורע האָט אָנגעהויבן שוואַכער צו ווערן, האָבן זיך באַוויזן דאָ און דאָרט אויף דער דעקונג אויסגעטריקנטע ערטער. ים־חזירים[231] זײַנען געקומען בלאָזן אַרום שיפֿל, קאַפּ־טויבן[232] האָבן זיך געדרייט, אָנגעפֿלויגן ביז אַ פֿאָר פֿיס פֿון אונדז. די דאָזיקע קליינע שוואַרץ־און־ווײַסע פֿייגעלעך האָבן אַ פֿרײַנדלעכע אויפֿפֿירונג וואָס פֿעלט בײַ די גרויסע אַרומפֿליִענדיקע אַלבאַטראָסן[233]. זיי האָבן אויסגעזען גרוי אַקעגן דעם וויגנדיקן ים בעת דעם שטורעם, בעת זיי וואַרפֿן זיך איבער די קעפּ אונדזערע, אויסרעדן זייערע סומנע געשרייען. די אַלבאַטראָסן – צי די שוואַרצע צי די רוסיקע – האָבן אָנגעקוקט מיט האַרטע העלע אויגן. ס'האָט זיך גאַדאַכט אַז זיי האָבן בלויז אַן אומפּערזענלעכן אינטערעס אין אונדזער קאַמף צו בלײַבן אויבן אויפֿן וואַסער אין מיטן די צעשלאָגנדיקע כוואַליעס. פֿאַר אַ צוגאָב צו די קאַפּ־טויבן האָט אַ מאָל אַ שטורעם־פֿויגל[234] געבליצט אויבן. דערצו איז אויך געווען אַ קליינער פֿויגל, מיר ניט באַקאַנט, וואָס זי ווײַזט זיך אויס אַלע מאָל צו האָבן אַן איבערקלײַבערישע, פֿאַרהאַוועטע טבֿע, ניט בהסכּם מיטן אַרום. עס האָט מיר געשטאָכן אין די אויגן. עס האָט שיִער ניט געהאַט קיין עק, האָט ער גיך אַרומגעפֿלויגן אַהין און צוריק אַזוי ווי זוכנדיק דאָס פֿאַרלוירענע גליד. אָפֿט מאָל האָב איך געווונטשט עס זאָל שוין געפֿינען דעם עק און שוין אויס מיטן נאַרישן פֿלאַטערן.

מיר האָבן זיך געקוויקט מיט דער וואַרעמקייט אין דער זון דעם טאָג. ניט קיין שלעכט לעבן נאָך אַלעמען. אונדז האָט זיך געדאַכט אַז מיר זײַנען טאַקע אויפֿן וועג. די כּלים האָבן זיך אויסגעטריקנט, האָבן מיר געקענט עסן אַ הייסן מאָלצײַט

[230] dead reckoning: נאַוויגאַציע דורך אָפּשאַצן ריכטונג און גיכקייט, ניט אַזוי אַקוראַט ווי הימל־נאַוויגאַציע ( celestial .(navigation
[231] porpoises
[232] cape pigeons
[233] albatrosses
[234] storm petrel

מער־ווייניקער באַקוועם. דער אויפֿלויף איז נאָך אַלץ געווען שווער, נאָר ס'האָט זיך ניט צעבראָכן, האָט דאָס שיפֿל גרינג געשווומען. מיטאָגצײַט האָט זיך וואָרסלי באַלאַנסירט אויפֿן שיפֿקאַנט, געקלעפּט זיך מיט איין האַנט בײַם אָנשפּאַר־שנור[235] פֿונעם הויפּטמאַסט בעת ער כאַפּט די זון[236]. די פּעולה האָט שטאַרק אויפֿגעמונטערט. מיר זײַנען געקומען מער ווי 300 מײַלן, כּמעט אויפֿן האַלבן וועג קיין דרום־דזשאָרדזשע. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן זיך דורכקריגן[237].

דער ווינט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט דעם נאָכמיטאָג, געבלאָזן מיט כּוח, האָט דער *דזשעמז קיירד* געטאָן אַ גוטע פּעולה. ס'איז מיר ניט פֿריִער געהאַט אײַנגעפֿאַלן ביז די זונענשײַן איז אָנגעקומען טאַקע ווי קליין איז דאָס שיפֿל אונדזערס. ס'איז געווען עפּעס אַ השפּעה פֿון דער ליכט און וואַרעמקייט, עפּעס אַ שפּור פֿון גליקלעכערע טעג, וואָס האָט אונדז דערמאָנט אין אַנדערע נסיעות, מיט דיקע דעקן אונטער די פֿיס, אַזוי פֿיל עסן ווי מע וויל, אײַנגענעמע קאַבינעס פֿאַרן אָפּרוען. איצט האָבן מיר זיך צוגעקלעפּט צו אַ קליין, צעשלאָגן שיפֿל, "איינער אַליין, איינער אַליין – לחלוטין איינער אַליין; איינער אַליין אויף אַ ברייטן ברייטן ים."[238] אַזוי נידעריק האָבן מיר געשווומען אויפֿן וואַסער אַז יעדער אויפֿלויף נאָך דער ריי האָט אונדז פֿאַרשטעלט די הימל־ליניע. מיר זײַנען געווען אַ קליינטשיק שפּרענקל אינעם ריזיקן געשפּרייט פֿון ים – דער אָקעאַן וואָס איז אָפֿן פֿאַר אַלע, נאָר האָט פֿאַר קיינעם ניט קיין רחמנות, וואָס סטראַשעט אַפֿילו אַז ער זעט אויס נאָכצוגעבן, וואָס איז אַלע מאָל אומברחמנותדיק אויף שוואַכקייט. אויף אַ רגע איז דאָס באַוווּסטזיין פֿון די כּוחות וואָס פֿירן זיך קעגן אונדז איז שיִער ניט ניט אויסצוהאַלטן. דערנאָך וועִרן האָפֿענונג און בטחון שטאַרקער, בעת דאָס שיפֿל הייבט זיך אויף אויף אַ כוואַליע און וואַרפֿט אַוועק דעם קאַם אין אַ פֿינקלענדיקן שפּריץ ווי אַ בעוועגנדיקער רעגן־בויגן צופּסנס בײַ אַ וואַסערפֿאַל. מײַן טאָפּל־שרויטביקס[239] מיט עטלעכע פּאַטראָנען האָט מען אַוועקגעשטעלט אויפֿן שיפֿל ווי אַ נויט־מיטל טאָמער אַ דוחק אין עסן, נאָר מיר האָבן אַוודאי ניט געוואָלט קײַלן די קליינע שכנים, די קאַפּ־טויבן, אַפֿילו צוליב פֿריש פֿלייש. מיר האָבן אפֿשר געקענט דערשיסן אַן אַלבאַטראָס, נאָר דער וואַנדערנדיקער ים־קיניג האָט אין אונדז אויפֿגעוועקט עפּעס ווי דאָס געפֿיל וואָס האָט צו שפּעט אינספּירירט דעם אַלטן ים־מענטש[240]. איז דער ביקס געבליבן ליגן מיט די זאַפּאַסן און

[235] stay: אַ שטאַרקער שנור וואָס האַלט אויף דעם מאַסטבוים.

[236] "got a snap of the sun": ד"ה, ער האָט אָפּגעמאָסטן די הייך פֿון דער זון איבערן האָריזאַנט; דאָס, צוזאַמען מיט דער גענויער צײַט גיט אַ גענויע פּאָזיציע (הימל־נאַוויגאַטיסע).

[237] קיין עין־הרע!

[238] פֿון *Samuel Taylor Coleridge's The Rime of the Ancient Mariner*

[239] double-barrelled shotgun

[240] The Ancient Mariner פֿון Coleridge

שלאָפֿזעק אין די ענגע קוואַרטיר אונטערן צעלעכצטן דעק, האָבן די פֿייגל אונדז נאָכגעפֿלויגן בשלום.

דעם אַכטן, נײַנטן, און צענטן טעג פֿון דער סניעה האָבן ניט געהאַט וואָס צו דערציילן. דער ווינט האָט שטאַרק געבלאָזן, איז די אָנשטרענגונג פֿון פֿירן דאָס שיפֿל ווײַטערגעגאַנגען אָן אויפֿהער, אָבער אַלע מאָל זײַנען מיר נעענטער געקומען צום ציל. קיין בערג האָבן זיך ניט באַוויזן אויפֿן האָריזאַנט, האָבן מיר געוווּסט, אַז מיר זײַנען אַרויס פֿון די אײַז־פֿעלדער. יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט דאָס אייגענע רעדל צרות, נאָר אויך קאָמפּענסאַציע דורך עסן און וואַקסנדיקער האָפֿענונג. אונדז האָט זיך געדאַכט אַז מיר וועלן מצליח זײַן. די שאַנסן קעגען אונדז זיינען געווען גרויס, נאָר מיר קומען דורך. מיר האָבן נאָך אַלץ געליטן פֿון דער קעלט כאָטש די טעמפּעראַטור ווערט העכער, מחמת אונדזער לעביקייט איז שוואַכער געוואָרן צוליב אַ דוחק אין עסן, דער שווערער אויסגעשטעלטקייט, און דער נייטיקייט האַלטן די אָנגעקאָרטשטע פּאָזיציעס טאָג און נאַכט. איך האָב געפֿונען אַז ס'איז דורכויס נייטיק צוצוגרייטן הייסע מילך פֿאַר אַלע בעת דער נאַכט, זיי זאָלן איבערלעבן ביזן באַגינען. דאָס האָט געמיינט אָנצינדן דעם פּרימוס אין דער פֿינצטער, און ס'איז געווען אַן עול אויף אונדזער קליינער צאָל שוועבעלעך. דער כּלל איז געווען איין שוועבעלע מוז קלעקן אָנצוצינדן דעם פּרימוס. בײַם קאָמפּאַס איז ניט געווען קיין לאָמפּ און אין די פֿריִערדיקע טעג האָבן מיר אָנגעריבן אַ שוועבעלע, דער קערעווער זאָל קענען זען וווּהין בײַ נאַכט, נאָר שפּעטער האָבן מיר קלאָר געזען אַז מיר מוזן זיי אָפּשפּאָרן, און מיר האָבן אויפֿגעהערט דעם אָנרײַבן שוועבבעלעך בײַ נאַכט. מיר האָבן געהאַט איין וואַסער־באַוואָרנט בלעכל שוועבעלעך. איך האָב אַוועקגעשטעלט אין אַ קעשענע, זאָל קומען אַ טאָג מיט זון, אַ לינדז פֿון איינעם אַ טעלעסקאָפּ, אָבער דאָס איז קיין מאָל ניט געקומען צו נוץ בעת דער נסיעה. די זון האָט נאָר זעלטן געשײַנט אויף אונדז. דאָס גלאָז פֿונעם קאָמפּאַס איז איין נאַכט צעבראָכן געוואָרן, האָבן מיר געפֿועלט דאָס צו פֿאַרריכטן מיט אַ שטיק פּלאַסטער פֿונעם אָפּטייקל. איך געדענק נאָך הײַנט, ווי קרין זינגט בײַם קערמע־הענטל. ער האָט געזונגען די גאַנצע צײַט קערעווען, האָט קיינער קיין מאָל ניט דערקענט וואָס פֿאַר אַ ליד ער זינגט. ס'האָט געפֿעלט אַ מעלאָדיע, געווען אַזוי איינטאָניק ווי דאָס בלעקעצן פֿון אַ בודיסט־מאָנאַך בײַם דאַוונען – פֿונדעסטוועגן איז עס געווען פֿריילעך. ווען ס'קומט אים דער רוח־הקודש, וואָלט קרין אַ פּרווו טאָן מיט "טראָגן גרינע"[241].

---

[241] "The Wearing of the Green", אַן אירישע באַלאַדע.

די צענטע נאַכט האָט וואָרסלי ניט געקענט אויסגלײַכן דאָס לײַב נאָך זיין צײַט בײַם קערמע־הענטל. ער איז געווען אין גאַנצן פֿאַרקראַמפּט, האָבן מיר אים געדאַרפֿט שלעפּן אונטער דער דעקונג, אים מאַסאַזשירן איידער ער קען זיך אויסציִען און אַרײַנקריכן אינעם שלאָפֿזאַק. אַ שטאַרקע בורע פֿונעם צפֿון־מערבֿ איז געקומען צו בלאָזן דעם עלפֿטן טאָג (דעם 5טן מײַ), זיך געדרייט אויף דרום־מערבֿ שפּעט נאָך מיטאָג. דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט און טיילמאָליקע שניי־סקוואַלן האָבן ערגער געמאַכט די אומבאַקוועמקייט וואָס קומט פֿון אַ ריזיקן קווער־ים – דער ערגסטע, האָב איך געמיינט, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. האַלבע נאַכט בין איך געווען בײַם קערמע־הענטל, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען אַ פּאַס קלאָרע הימל צווישן דרום און דרום־מערבֿ. איך האָב זיך אָנגערופֿן די אַנדערע, אַז דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט, און אין אָט דער רגע איז מיר קלאָר געוואָרן אַז וואָס איך האָב געזען איז ניט קיין שפּאַלט אין די וואָלקנס נאָר דעם ווײַסן קאַם פֿון אַן אומגעהײַערער כוואַליע. במשך פֿון 26 יאָר פּראַקטיק מיטן ים, אין אַלע זײַנע געמיטער, האָב איך קיין מאָל ניט געטראָפֿן אַזאַ ריזיקע כוואַליע. אַ קראַפֿטיק איבערקערעניש פֿונעם ים איז דאָס געווען, עפּעס גאַנץ אַנדערש פֿון די גרויסע, ווײַס־קעפּיקע כוואַליעס וואָס זיי זיינען געווען די אומפֿאַרמאַטערלעכע שׂונאים שוין אַ סך טעג. איך האָב געשריגן, "ווי גאָט איז אײַך ליב, האַלט זיך אָן! סע כאַפּט אונדז!" דעמאָלט איז געקומען אַ רגע שפּאַנונג וואָס האָט אונדז געפֿילט ווי שעהען לאַנג. ווײַס האָט געפּלייצט דער שוים פֿון די ברעכנדיקע כוואַליעס אַרום אונדז. מיר האָט געפֿילט ווי דאָס שיפֿל ווערט אויפֿגעהויבן און פֿאָרויסגעוואָרפֿן ווי אַ קאָריק אין אַ ברעכנדיקן אינדנבראָך. מיר זײַנען געווען אין אַ סידנדיקן תּוהו־ובֿוהו פֿון געפּײַניקט וואַסער – אָבער ווי ניט איז איז דאָס שיפֿל געבליבן לעבן, האַלב געפֿילט מיט וואַסער, האָט עס אַראָפּגעהאַנגען מיט דער טויטער וואָג, געציטערט פֿונעם קלאַפּ. מיר האָבן אַרויסגעוואָרפֿן וואַסער מיטן כּוח פֿון מענטשן פּנים־אַל־פּנים מיטן טויט, שלײַדערן דאָס וואַסער איבער די זײַטן מיט אַבי וואָס פֿאַר אַ כּלי וואָס קומט צו דער האַנט, און נאָך אַ צען מינוט אומזיכערקייט, האָבן מיר געפֿילט דעם שיפֿלס ווידעראויפֿלעבן אונטער אונדז. עס האָט געשווומען נאָך אַ מאָל, האָט אויפֿגעהערט זיך אַרומוואַרפֿן ווי פֿאַרשיכּורט, פֿריטשמעליעט פֿונעם אָנפֿאַל פֿונעם ים. מיר האָבן ערנצט געהאָפֿט, אַז מיר וועלן קיין מאָל ניט אָנטרעפֿן אויף אַזאַ כוואַליע.[242]

[242] אַזעלכע כוואַליעס, ביז אפֿשר אַ הונדער פֿוס אין דער הייך, זײַנען ניט קיין זעלטענע זאַך אין דעם טייל פֿונעם גרויסן דרומדיקן אָקעאַן. קיין שום יבשה איז ניטאָ אין די געאָגראַפֿישע ברייטן, בלאָזט דער ווינט אָן אויפֿהער אין גאַנצן אַרום דער וועלט. די כאַוואליעס וואַקסן און וואַקסן און צעברעכן זיך ווען זיי קומען אָן בײַ די בדרך־כּלל פֿלאַציקערע וואַסערן צווישן דרום־אַמעריקע און דעם אַנטאַרקטישן האַלבאינדזל, פּונקט ווו אונדזערע העלדן פֿאָרן (אויף ענגליש הייסט דאָס the Drake Passage).

די מצבֿ אינעם שיפֿל, פֿריִער אומבאַקוועם, איז ערגער געוואָרן צוליב דעם מבול וואַסער. דאָס גאַנצע געצײַג איז נאָך אַ מאָל דורכגעווייקט געוואָרן. דער אויוון האָט געהאַט געשוווּמען אַהין און צוריק אונטן אין שיפֿל, און פּאָרציעס פֿונעם פֿריִערדיקן הוש האָבן זיך אַרײַנגעדרונגען אין אַלצדינג. ערשט דרײַ אַ זייגער פֿ"מ, ווען מיר זײַנען אַלע דורכגעקילט געוואָרן ביזן טויט, האָבן מיר זיך אויסגעמיטלט אָנצינדן דעם אויוון, מאַכן פֿאַר זיך הייסע געטראַנקען. דער סטאָליער האָט ספּעציעל געליטן, נאָר ער האָט באַוויזן באַהאַרצטקייט און קוראַזש. ווינסענט האָט גאָרנישט ניט געטאָן די פֿאַרגאַנגענע וואָך, איז מיר ניט קלאָר געווען די סיבה פֿון זײַן אײַנבראָך. קערפּערלעך איז ער געווען איינער פֿון די שטאַרקסטע אינעם שיפֿל. ער איז געווען אַ יונגער, האָט געדינט אינעם צי־פֿישערײַ אינעם צפֿון־ים[243], האָט געזאָלט אויסהאַלטן מאַטערנישן בעסער ווי מקאַרטי, וואָס ער איז ניט אַזוי שטאַרק, נאָר איז ער אַלע מאָל פֿריילעך.

דער וועטער איז בעסער געווען אויף מאָרגן (דעם 6טן מײַ), האָבן מיר געכאַפּט אַ בליק פֿון דער זון. וואָרסליס אָבסערוואַציעס האָבן באַוויזן, אַז מיר זײַנען ניט מער ווי אַ הונדערט מײַלן פֿונעם צפֿון־מערבֿדיקן עק פֿון דרום־דזשאָרדזשע. נאָך צוויי טעג מיט גינציקע ווינטן זאָלן מיר קענען זען דעם גן־עדן. איך האָב געהאָפֿט, אַז ס'זאָל ניט זײַן קיין אָפּהאַלט, מחמת מיר זײַנען געווען כּמעט אויס וואַסער. דאָס הייסע געטראַנק בײַ נאַכט איז געווען לעבנס־נייטיק, אָבער איך האָב באַשלאָסן אַז בײַ טאָג זאָל יעדער האָבן צו אַ האַלבן פּײַנט. די פּײַדעס אײַז וואָס מיר האָבן אָנגעלאָדן זײַנען אַוועק שוין לאַנג צוריק. מיר האָבן זיך געדאַרפֿט פֿאַרלאָזן אויף דעם וואַסער וואָס מיר האָבן געבראַכט פֿון העלפֿאַנד־אינדזל, און דער דאָרשט איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן מחמת מיר ניצן איצט דאָס זאַלצלעכע וואַסער פֿונעם טונדל וואָס איז אַ ביסל אײַנגעבראָכן געוואָרן אינעם אינדנבראָך בײַם אָנלאָדן. אַ ביסל ים־וואַסער איז דעמאָלט אַרײַן. דאָרשט האָט אונדז גענומען אין רשות. איך האָב ניט געקענט דערלאָזן אַ גרעסערע ראַציע וואַסער טאָמער אַ שלעכטער ווינט זאָל אונדז אַוועקטרײַבן פֿונעם אינדזל, צוגעבן אַ סך טעג צו דער נסיעה. אַ דוחק אין וואַסער איז אַלע מאָל דאָס שטרענגסטע אָפּקומעניש, וואָס אַ מענטש זאָל פֿאַרמישפּט ווערן צו דערלעבן, האָבן מיר געפֿונען, ווי בײַ דער פֿריִערדיקער שיפֿל־נסיעה, אַז דאָס זאַלץ־וואַסער אין די קליידער און דער זאַלץ־שפּריץ וואָס האָט אונדז געשמיסן די פּנימער האָבן גיך פֿאַרגרעסערט דעם דאָרשט ביז צו אַ ברענענדיקן וויי. איך האָב געדאַרפֿט זײַן גאָר שטרענג, ניט דערלאָזן קיינעם ער זאָל טרינקען אַ טייל פֿון מאָרגנס וואַסער, וואָס מע האָט מיך אָפּט געבעטן. מיר האָבן אויפֿגעטאָן די

[243] North Sea trawlers

נייטיקע אַרבעט טעמפּ, געהאָפּט אויף דער יבשה. איך האָב איבערגעביטן דעם גאַנג אויף מיזרח, מיר זאָלן זײַן זיכער טרעפֿן אויפֿן אינדזל – אויב מע פֿאָרט פֿאַרבײַ דעם צפֿונדיקסטן עק, וואָלט געווען אוממיגלעך צוריקצופֿאָרן. דער קורס האָט מען אָנגעצייכנט אויף אודזער שטיקל קאַרטע קיין אַ פּונקט אַ מײַל דרײַסיק אַראָפּ אויפֿן ברעג. דעם טאָג און דעם צווייטן זײַנען פֿאַרבײַ ווי אַ קאָשמאַר. די מײַלער זײַנען פֿאַרטריקנט, די צונגען געשוואָלן. דער ווינט איז נאָך שטאַרק געווען און די שווערע כוואַליעס האָבן אונדז געצווונגען זעגלען אָפּגעהיט, נאָר די מחשבֿות וועגן סכּנה פֿון די כוואַליעס זײַנען באַגראָבן געוואָרן אונטערן צאָרנדיקן דאָרשט. די ליכטיקע רגעס זײַנען געווען די, ווען יעדער באַקומט דעם איינציקן קופֿל הייסע מילך בעת די לאַנגע, ביטערע נאַכט־וואַכן. אונדז איז דעמאָלט געווען שלעכט נאָר אַ סוף זאָל באַלד קומען. דער אינדערפֿרי דעם 8טן מײַ איז אָנגעקומען געדיכט און שטורעמדיק, מיט סקוואַלן פֿון צפֿון־מערבֿ. מיר האָבן אַרומגעזוכט איבערן ים פֿאָרויס נאָך אַ סימן פֿון יבשה, און כאָטש מיר זעען איצט ניט מער ווי מיר האָבן געהאַט פֿאַר די אויגן שוין פֿילע טעג, האָבן מיר זיך דערפֿרייט מיט אַ געפֿיל אַז דער ציל איז שוין נאָענט. אַן ערך צען אַ זייגער דעם אינדערפֿרי זײַנען מיר פֿאַרבײַ אַ ביסל קעלפּ[244], אַ גליקלעכער סימן אַז די יבשה איז נאָענט. מיט אַ שעה שפּעטער האָבן מיר דערזען צוויי ים־באַקלאַנעס[245] זיצן אויף אַ גרויסער מאַסע קעלפּ, האָבן מיר איצט געוווּסט זאָ מיר זײַנען ניט מער ווי אַ פּאָפּצן מײַל פֿונעם ברעג. די דאָזיקע פֿייגל זײַנען אַ סימן, אַזוי זיכער ווי אַ לײַכטטורעם, אַז די יבשה איז נאָענט, וואָרן זיי פֿליִען קיין מאָל ניט ווײַט איבערן ים. מיר האָבן פֿאָרויסגעקוקט מיט וואַקסנדיקן באַגער, און האַלב איינס נ"מ, דורך אַ שפּאַלט אין די וואָלקנס, האָט מקאַרטי געכאַפּט אַ בליק פֿון די שוואַרצע סקאַלעס פֿון דרום־דזשאָרדזשע, פּונקט פֿערצן טעג נאָכן אָפּפֿאָר פֿון העלפֿאַנד־אינדזל. ס'איז געווען אַ גליקלעכע רגע. גאָר דאָרשטיק, דורכגעקילט, שוואַך ווי מיר זײַנען, פֿונדעסטוועגן האָט גליק דורך אונדז דורכגעשטראַלט. די אַרבעט איז שיִער ניט פֿאַרטיק.

[244] kelp: אַ מין ים־גראָז

[245] shags (אָדער cormorants).



11 צוקומען צו דרום־דזשאָרדזשע

מיר זײַנען צוגעפֿאָרן נעענטער צום ברעג צו[246], זוכן ווו צו לאַנדן, און באַלד האָבן מיר געקענט זען דאָס גרינע הײַפֿל־גראָז[247] אויף די פֿעלדזנראַנדן איבער די אינדנבראָך־צעשלאָגענע שטיינער. פֿאָרויס און אויף דרום האָבן די בלינדע וואַלצן באַוויזן אַז פֿאַזע ברעג זײַנען פֿאַראַן ניט־אָנמאַפּעוועטע ריפֿן. דאָ און דאָרט זײַנען די הונגעריקע פֿעלדזן געווען נאָענט צו דער אייבערפֿלאַך, איבער זיי האָבן זיך צעבראָכן די גרויסע כוואַליעס, זיך קאָרטשען רציחהדיק און אַרויפֿשפּריצן אַ דרײַסיק־פֿערציק פֿוס אין דער לופֿטן. דער שטיינערדיקער ברעג האָט אויסגעזען ווי ער איז שטאָציק אַראָפּגעפֿאַלן אין ים אַרײַן. מיר האָבן זיך פֿאַרצווייפֿלט געניייטיקט אין וואַסער און רו, נאָר פּרווון לאַנדן דעמאָלט וואָלט געווען אַליינמאָרד. די נאַכט האָט זיך נאָענט צוגעצויגן, מיט שלעכטע סמינים וועגן דעם וועטער. מיר האָבן דערפֿאַר געדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן[248] ביז מאָרגן, זײַנען מיר אָפּגעפֿאָרן אויפֿן רעכט־באָרדיקן לאַוויר[249] ביז אונדז האָט זיך געדאַכט אַז מיר זײַנען גענוג ווײַט אַוועק[250]. דעמאָלט האָבן מיר געהאַלטן שטיין אינעם הויכן מערבֿדיקן אויפֿלויף. די שעהען האָבן זיך פּאַמעלעך אויסגעצויגן אַז מיר וואַרטן אויפֿן קאַיאָר, וואָס זאָל מיטברענגען, האָבן מיר געהאָפֿט, דעם לעצטן עטאַפּ פֿון דער נסיעה. דער דאָרשט איז אונדז געווען אַ מאַטערניש און מיר האָבן קוים געקענט עסן; די קעלט, ס'האָט זיך געדאַכט, איז ארײַנגעדרונגען גלײַך אין די פֿאַרשוואַכטע קערפּערס אַרײַן. פֿינף אַ זייגער פֿ"מ האָט זיך דער ווינט

[246] "… stood in towards the shore …"

[247] tussock grass: אַ מין גראָז וואָס וואַקסט אין איזאָלירטע הײַפֿלעך.

[248] haul off

[249] starboard tack: ד"ה, נאָענט צו ווינט־אַרויף נאָר מיטן ווינט איבערן רעכטן זײַט פֿאָרנט.

[250] safe offing

אַרומגעדרייט אויף צפֿון־מערבֿ און האָט זיך גיך צעוואַקסן ביז איינעם פֿון די ערגסטע הוראַגאַנען וואָס מיר האָבן אַ מאָל דערלעבט. גרויסע קוווער־כוואַליעס[251] זײַנען געלאָפֿן, האָט דער ווינט פּשוט באַנומען געשריגן בעת ער רײַסט אַוועק די אויבנס פֿון די כוואַליעס, איז דער גאַנצער ימשאַפּט אַ נעפּל געוואָרן פֿון געטריבענעם שפּריץ. אַראָפּ אין די טאָלן, אַרויף אויף דער וואַרפֿנדיקער הייך, אָנגעשטרענגט ביז די נעט האָבן זיך געעפֿנט, האָט זיך געוויגט אונדזער קליין שיפֿל, נאָך בראַוו נאָר אַרבעטן שווער. מיר האָבן געוווּסט אַז דער ווינט מיטן גאַנג פֿונעם ים האָבן אונדז געטריבן אויף דער יבשה, האָבן מיר גאָרנישט ניט געקענט טאָן. דער באַגינען האָט אונדז באַוויזן אַ שטורעם־צעריסענעם ים, איז דער אינדערפֿרי פֿאַרבײַ אָן שום בליק פֿון דער יבשה. נאָר איינס אַ זייגער נ"מ, דורך אַ שפּאַלט אין די פֿלִיענדיקע נעפּלען, האָבן מיר געכאַפּט אַ בליק פֿון די ריזיקע שטאָציקע שטיינער[252] פֿונעם אינדזל, אײַנגעזען אַז דאָ איז דער לאַגע געווען גאָר פֿאַרצווייפֿלט. מיר זײַנען געווען פּונקט בײַ אַ ווינט־אַראָפּ־ברעג[253], האָבן מיר געקענט מעסטן ווי מיר קומען צו נעענטער צו די אומזעיִקע סקאַלעס דורכן ברום פֿון די ברעכערס אויף די שטאָציקע שטיינערנע ווענט. איך האָב געהייסן אויפֿשלאָגן דעם טאָפּל־געריפֿטן הויפּט־זעגל, האָפֿנדיק אַז מיר זאָלן קענען אַוועקקריכן[254], האָט אָט דער פּרוּוו פֿאַרגרעסערט דעם אָנשטרענג אויפֿן שיפֿל. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך שטאַרק געשטורכעט און וואַסער האָט אַרײַנגעגאָסן אומעטום. מיר האָבן פֿאַרגעסן דעם דאָרשט אַז ס'איז אונדז קלאָר געוואָרן די סכּנה, האָבן מיר כּסדרדיק אַרויסגעוואָרפֿן וואַסער, פֿון צײַט צו צײַט אויסגעגליכן די וואָגן; טיילמאָליקע בליקן האָבן באַוויזן אַז די יבשה איז נעענטער. איך האָב געוווּסט, אַז אַנענקאָוו־אינדזל[255] ליגט אויף דרום פֿון אונדז, נאָר אונדזער שלעכט באַצייכנטע קאַרטע האָט באַוויזן אומזיכערע ריפֿן אינעם דורכפֿאָר צווישן דעם אינדזל און יאָדערלאַנד[256], האָב איך ניט אײַנגעשטעלט דאָס געטרויען, כאָטש אויפֿן ערגסטן פֿאַל האָבן מיר געקענט פּרוּוון ליגן ווינט־אַראָפּ פֿונעם אינדזל[257]. דער נאָכמיטאָג איז פֿאַרבײַ בעת מיר פֿאָרן אַראָפּ פֿאַזע ברעג, מיטן דונער פֿון די ברעכערס אין די אויערן. פֿאַרנאַכט האָט אונדז געפֿונען נאָך ווײַט פֿון אַנעניקאָוו־אינדזל, און קוים אינעם בין־השמשות האָבן מיר געקענט זען אַ שניי־באַדעקטן באַרג הויך איבער אונדז. ס'האָט זיך געדאַכט אַז מיר קערן ניט

---

[251] cross sea

[252] crags

[253] lee shore: ד"ה, די יבשה ליגט ווינט־אַראָפּ פֿונעם שיפֿל, וואָס ווערט געטריבן צו דער יבשה צו.

[254] claw off

[255] Annenkov Island: אַ קליינער אינדזל לעבן דרום־דזשאָרדזשע.

[256] ד"ה, צווישן אַנענקאָוו־אינדזל און דרום־דזשאָרדזשע. אינעם ענגלישן שטייט געשריבן "mainland", אָבער ער מיינט דערמיט דעם פֿיל גרעסערן אינדזל, דרום־דזשאָרדזשע אַליין.

[257] "… lie under the lee of the island."; ד"ה, אין דעם ווינט־שאָטן הינטער אַנעניקאָוו־אינדזל.

איבערלעבן די נאַכט, מיט דער טרײַבנדיקער בורע און דעם אומברחמנותדיקן ים, וואָס זיי טרײַבן אונדז ווינט־אַראָפּ אויף דער יבשה. איך מיין אַז ס'רובֿ פֿון אונדז האָבן געהאַט אַ געפֿיל אַז דער סוף איז נאָענט. פּונקט נאָך זעקס אַ זייגער נ"מ, אינעם פֿינצטערניש, ווען דאָס שיפֿל האָט געשווומען אין דעם שוימיקן קריקפֿלייץ[258] פֿון די כוואַליעס אַוועקגעוואָרפֿן פֿון אָט דעם אײַזערנעם ברעג[259], פּונקט דעמאָלט, פּנים־אַל־פּנים מיט דעם ערגסטנס, איז די מצבֿ דאָס בעסטע געוואָרן. מיר איז אַלע מאָל אַ חידוש, ווי נאָענט זיי זײַנען, הצלחה און דורכפֿאַל, איינער דעם אַנדערן, פּלוצעמדיק פֿירן פֿון וואָס זעט אויס ווי אַ געוויס אומגליק ביז לפֿי־ערכדיקער זיכערקייט. דער ווינט האָט זיך פּלוצעם איבערגערוקט, זײַנען מיר נאָך אַ מאָל געווען פֿרײַ אַוועקצוזעגלען[260]. כּמעט די זעלבע רגע אַז די בורע האָט אָפּגעלאָזט, איז דער שטיפֿט וואָס האַלט דעם מאַסט פֿעסט אינעם ברעטל אַרויסגעפֿאַלן. ס'האָט געדאַרפֿט זײַן שיִער ניט אַזוי לויז במשך פֿונעם גאַנצן הוראַגאַן. אויב ס'איז פֿריִער אַרויסגעפֿאַלן, וואָלטן מיר זיכער געווען טויטע – וואָלט דער מאַסט זיך צעבראָכן ווי אַ מער. די הינטער־אָנשפּאַר־שנורן[261] האָבן זיך געהאַט אָפּגעריסן ווען זיי זײַנען געווען פֿאַרײַזיקט, זײַנען זיי איצט ניט זייער שטאַרק צוגעבונדן. מיר זײַנען געווען גאָר דאַנקבאַר, וואָס אַ גאָטס רחמנות האָט געהאַלטן דעם שטיפֿט אינעם אָרט בעת דעם גאַנצן הוראַגאַן.

מיר זײַנען נאָך אַ מאָל אַוועקגעפֿאָרן פֿונעם ברעג, אויסגעמאַטערט כּמעט ביז אַפּאַטיע. שוין לאַנג אויס וואַסער, דאָס לעצטע איז געווען עפּעס אַ פּינט האָריקע פֿליסיקס, וואָס מיר האָבן דאָס דורכגעזײַט דורך אַ שטיקל גאַזע פֿונעם אַפּטייקל. די שטעך פֿון דאָרשט זײַנען אויף אונדז אָנגעפֿאַלן מיט פֿאַרטאָפּלט כּוח, האָב איך געפֿילט, אַז מיר מוזן לאַנדן אויף צו מראָגנס, וואָס די ריזיקעס זאָל ניט זײַן. די נאַכט האָט זיך אויסגעצויגן, מיר זײַנען געווען גאָר אויסגעמאַטערט. מיר האָבן געבענקט נאָכן טאָג. ווען ס'קומט אָן דער באַגינען אין דער פֿרי דעם 10טן מײַ, איז געווען ניט קיין ווינט, נאָר ס'איז געלאָפֿן אַ הויכער קווער־פֿלייץ, זײַנען מיר פּאַמעלעך צוגעפֿאָרן צום ברעג צו. אַן ערך אַכט אַ זייגער פֿ"מ האָט דער ווינט זיך געדרייט אויף צפֿון־מערבֿ, אַ שלעכטער סימן, אַז נאָך אַ בורע וועט קומען. דערווײַל האָבן מיר דערזען אַ גרויסע אײַנצײַנדלונג, וואָס איך האָב געמיינט מוז זײַן האַקאָן־המלך־בוכטע[262], האָב איך באַשלאָסן אַז מיר מוזן דאָרטן לאַנדן. מיר האָבן ריכטעוועט דאָס שיפֿל צו דער בוכטע צו, געלאָפֿן פֿאַר דער וואַקסנדיקער

---

[258] "… yeasty backwash …"
[259] "iron-bound coast"
[260] "… make an offing."
[261] backstays
[262] King Haakon Bay

בורע. באַלד האָבן מיר געהאַט בייזע ריפֿן אויף ביידע זײַטן. גאָר גרויסע גלעטשערס זײַנען אַראָפּ אין ים אַרײַן, האָבן ניט געגעבן קיין אָרט ווו צו לאַנדן. די כוואַליעס האָבן אַרויפֿגעשפּריצט אויף די ריפֿן, געדונערט אויפֿן ברעג. אַן ערך מיטאָגצײַט האָבן מיר דערזען אַ פּאַס געצאַקנטער ריף, ווי פֿאַרשוואַרצטע ציין, וואָס זעט אויס צו פֿאַרצאַמען דעם אײַנגאַנג אין דער בוכטע. אינעווייניק האָט זיך געצויגן לפֿי־ערך גלאַט וואַסער אַ מײַל אַכט־נײַן ביז צוקאָפּנס פֿון דער בוכטע. אַ שפּאַלט האָט זיך באַוויזן אינעם ריף, האָבן מיר צו אים צוגעפֿאָרן. נאָר עפּעס אַן אַנדערע מפּלה איז אונדז באַשערט. דער ווינט האָט זיך געביטן, געבלאָזן פֿון מיזרח פּונקט אַרויס פֿון דער בוכטע. מיר האָבן געקענט זען דעם וועג דורכן ריף, נאָר מיר האָבן ניט געקענט אַהינפֿאָרן דירעקט. דעם נאָכמיטאָג האָבן מיר געאַרבעט פֿאָרויס, זיך לאַווירן[263] פֿינף מאָל אינעם שטאַרקן ווינט. דער לעצטער לאַוויר האָט אונדז געלאָזט דורכפֿאָרן, און סוף־כּל־סוף זײַנען מיר געווען אינעם ברייטן מויל פֿון דער בוכטע. דער פֿאַרנאַכט איז נעענטער געקומען. אַ קליין בוכטעלע, מיט אַ פֿאַרשטיינערטער פּלאַזשע אָפּגעהיט פֿון אַ ריף, האָט געמאַכט אַ שפּאַלט אין די סקאַלעס אויף דער דרומדיקער זײַט בוכטע, זײַנען מיר אַהינגעפֿאָרן. איך בין געשטאַנען אינעם פֿאָדערבאָרד, באַווײַזן ווו צו קערעווען אַז מיר לויפֿן דורך דער קעלפּ, געפֿאָרן דורכן ריף. דער אַרײַנפֿאָר איז אַזוי ענג געווען, אַז מיר האָבן געדאַרפֿט אַרײַנציִען די רודערנן, און דער אויפֿלויף האָט זיך אָנגעקויפּט גלײַך איבערן ריף אין בוכטעלע אַרײַן; נאָר אין אַ מינוט צוויי אַרום זײַנען מיר אַרײַן, און אין דער וואַקסנדיקער פֿינצטער איז דער *דזשעמז קיירד* אַרײַנגעלאָפֿן אויף אַן אויפֿלויף, זיך צוגערירט צו דער פּלאַזשע. איך בין געשפּרונגען אויף דער יבשה מיטן קורצן שטריקל און האָט דאָס אָנגעהאַלטן בעת דאָס שיפֿל שווימט אַוועק מיטן צוריקגייענדיקן פֿלײַץ. ווען דער *דזשעמז קיירד* איז נאָך אַ מאָל אַרײַן, זײַנען דרײַ פֿון די מענטשן אַרויס אויף דער יבשה, האָבן זיי געהאַלטן דאָס שטריקל בעת איך בין אַרויף אויף עטלעכע שטיינער מיט נאָך אַ שנור. אַן אויסגליטש אויף די נאַסע שטיינער צוואַנציק פֿוס אין דער הייך האָט שיִער ניט געענדיקט מײַן טייל פֿון דער מעשׂה אין דער זעלבער רגע מיטן דערגרייכן זיכערקייט. אַ געצאַקנט שטיקל שטיין האָט מיך געהאַלטן און האָט מיך שטאַרק צעקלאַפּט דערצו. פֿונדעסטוועגן האָב איך פֿאַרבונדן דעם שנור, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זײַנען מיר אַלע געווען זיכער אויף דער פּלאַזשע, מיטן שיפֿל שווימען אינעם אָנפֿלייצנדיקן וואַסער לעבן ברעג. מיר האָבן דערהערט אַ ריזלענדיקן קלאַנג וואָס איז ווי זיסע מוזיק אין די אויערן, האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט און געפֿונען אַ ריטשקע זיס וואַסער כּמעט אונטער די פֿיס. נאָך אַ רגע זײַנען מיר אַראָפּ אויף די

[263] "… bore up, tacking …": פֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון וואַנען בלאָזט דער ווינט, וואָס אַ זעגלשיף קען ניט טאָן דירעקט, נאָר מוז זעגלען ערשט מיטן ווינט איבער איין זײַט פֿון פֿאָרנט און דערנאָך איבער דער צווייטער זײַט.

קניִען, טרינקען דאָס ריינע אײַז־קאַלטע וואַסער אין לאַנגע זשליאָקן, וואָס האָבן אונדז געגעבן נײַ לעבן. ס'איז געווען אַ גלענצנדיקע רגע.



12 דאָס לאַנדן אויף דרום־דזשאָרדזשע

דערנאָך האָבן מיר געדאַרפֿט אויסלאָדן די זאַפּאַסן און באַלאַסט פֿונעם *שיפֿל*, כּדי אים צו באַוואָרענען פֿאַר דער נאַכט. מיר האָבן געטראָגן די זאַפּאַסן און געצײַג איבער דער הויך־וואַסער־ליניע און אַרויסגעוואָרפֿן די זעק פֿון זאַמד און די שטיינער וואָס זײַנען אונדז אַזוי גוט באַקאַנט. דערנאָך האָבן מיר אַ פּרוּוו געטאָן שלעפּן דאָס שיפֿל אַרויף אויף דער פּלאַזשע, און מיט דעם דאָזיקן פּרוּוו האָבן מיר זיך דערוווּסט ווי שוואַך מיר אַלע זײַנען געוואָרן. די פֿאַרייניקטע כּוחות האָבן ניט געקלעקט אָרויסצוציִען דעם *דזשעמז קיירד* פֿון וואַסער. אָבער און ווידער האָבן מיר צוזאַמען געשלעפּט, אומזיסט. איך האָב דערקענט אַז מע מוז האָבן עסן און רו איידער מיר קענען אַרויסציִען דאָס שיפֿל. מיר האָבן פֿאַרבונדן אַ שנור אַרום אַ שווערן שטיין, האָט געשטעלט אַ וואַך אָפּצוהאַלטן דעם *דזשעמז קיירד* פֿון די שטיינער בײַ דער פּלאַזשע. דערנאָך האָב איך געשיקט קרין אַרום אויף דער לינקער זייט בוכטעלע, אַ דרײַסיק יאַרדן אַוועק, ווו איך האָב געהאַט דערזען אַ קליינע הייל ווען מיר זײַנען פֿאַרבײַגעפֿאָרן. אינעם פֿינצטעריש האָט ער קוים געקענט זען, אָבער ער האָט געמאָלדן אַז זיכער וועט זײַן דאָרט אַ ביסל אָפּדאַך. מיר האָבן די שלאָפֿזעק אַרומגעטראָגן און געפֿונען ניט מער ווי אַ קליין חלל אינעם שטיין־וואַנט, מיט אַ פּאָדלאָגע פֿון זשוויר, שטאַרק משופּעדיק אין ים אַרײַן. דאָרט האָבן מיר צוגעגרייט אַ הייסן מאָלצײַט, און נאָכן עסן האָב איך געהייסן זיי זאָלן זיך לייגן אַוועק שלאָפֿן. ס'איז געווען אַן ערך אַכט אַ זייגער נ"מ, האָב איך געשטאַנען דעם ערשטן וואַך לעבן דעם *דזשעמז קיירד*, וואָס שווימט נאָך אַלץ אינעם וואַרפֿנדיקן וואַסער בײַם קאַנט פֿון דער פּלאַזשע.

האַלטן דעם *דזשעמז קיירד* אַוועק פֿון די שטיינער איז געווען אַ לעפּישע אַרבעט. דאָס *שיפֿל* וואָלט זיך סכּנהדיק אָנגעשטויסן אויב מע לאָזט אים רײַטן אויף די כוואַליעס וואָס האָבן זיך געטריבן אינעם בוכטעלע אַרײַן. איך האָב געפֿונען אַ פּלאַטשיקן שטיין פֿאַר די פֿיס, וואָס זײַנען אין אַ שלעכטער מצבֿ צוליב קעלט, נאַסקייט, און דוחק אין בעוועגונג אינעם *שיפֿל*, און במשך פֿון די קומעדיקע פּאָר שעה האָב איך געאַרבעט האַלטן דעם *דזשעמז קיירד* אַוועק פֿון דער *פּלאַזשע*. ווען ניט ווען האָב איך זיך געדאַרפֿט אײַלן אינעם צוואַלעוועטן וואַסער אַרײַן. דעמאָלט, בעת די כוואַליע גייט צוריק, האָב איך געלאָזט דאָס *שיפֿל* אַוועקשווימען אויפֿן אַלפּין־שטריק, כּדי אויסצומײַדן אַ פּלוצעמדיקן צי. דער שטאַרקערער שטריקל איז געהאַט פֿאַרלוירן געוואָרן צוזאַמען מיטן ים־אַנקער. דעם *דזשעמז קיירד* האָט מען קוים געקענט דערזען אינעם בוכטעלע, ווו די הויכע שוואַרצע סקאַלעס האָבן געמאַכט די פֿינצטער שיִער ניט פֿולקום, איז דער אויפֿמערק געווען גאָר אַן אָנשטרענג. נאָך עטלעכע שעה האָב איך ניט געקענט בלײַבן וואַך, איינס אַ זייגער פֿ"מ האָב איך גערופֿן קרין. איך האָב אים געקענט הערן קרעכצן בעת ער פֿאַרטשעפּעט זיך אויף די שאַרפֿע שטיינער גייענדיק אַראָפּ אויף דער *פּלאַזשע*. בעת ער האָט איבערגענומען קאָנטראָל פֿונעם *דזשעמז קיירד*, איז דאָס *שיפֿל* אָפּגעלאָזט געוואָרן, האָט אונדז געגעבן אַ פּאָר גאָר באַזאָרגטע רגעס. צום גליק איז ער צוגעשווומען צו דער הייל צו, האָבן מיר אים זיכער געמאַכט בשלום. דער אָנווער אָדער די צעשטערונג פֿונעם *שיפֿל* איצט וואָלט געווען זייער אַן ערנצטער ענין, וואָרן מסתּמא האָבן מיר ניט געקענט אַרויסקומען פֿונעם בוכטעלע אַחוץ אויפֿן ים. די סקאַלעס און גלעטשערס אַרום האָבן ניט געגעבן קיין דורכפֿירלעכן גאַנג צוקאָפּנס פֿון דער בוכטע. איך האָב אײַנגעאָרדן וואַכן צו איין שעה במשך פֿונעם איבעריקן טייל פֿון דער נאַכט, גענומען קרינס אָרט צווישן די שלאָפֿנדיקע מענטשן, געכאַפּט אַ ביסל שלאָף פֿאַרן פֿאַרטאָג.

דער ים איז עפּעס באַרוט געוואָרן פֿרי אין דער פֿרי (דעם 11טן מײַ), און נאָכן זונאויפֿגאַנג זײַנען מיר בכּוח געווען אַוועקצושטעלן דאָס *שיפֿל* אויף דער יבשה, ערשט פֿאַרשטאַרקן זיך פֿאַר דער אַרבעט מיט נאָך אַ מאָלצײַט. מיר זײַנען נאָך אַלץ שוואַך געווען. מיר האָבן אָפּגעשניטן די דעקונג[264], אַרויסגענומען די אַלע באַוועגלעכע כּלים. דערנאָך האָבן מיר געוואַרט אויף בײַראָנס "גרויסער נײַנטער כוואַליע"[265] און ווען זי הייבט אויף דעם *דזשעמז קיירד*, האָבן מיר אים געהאַלטן און מיט אַ סך מי אים געדרייט מיט דער זײַט צום ים. ביסלעכווײַז האָבן מיר אים אַרויפֿגעשלעפּט ביז מיר האָבן דערגרייכט דעם ראַנד פֿון הײַפֿל־גראָז, איז

[264] … the topsides …

[265] Byron’s “great ninth wave”: שעקלטאָן האָט אַ טעות געהאַט מיט "Byron" – אפֿשר Philip Bourke Marston (אָדער Tennyson אָדער Hawthorne).

דאָס שיפֿל דווקא העכער פֿון דער הויך־וואַסער־ליניע. דער אויפֿהייב פֿונעם ים־פֿלייץ איז געווען אַ פֿינף פֿוס, און בײַם פֿרילינג־פֿלייץ האָט געדאַרפֿט דערגרייכן כמעט ביזן ראַנד פֿון הײַפֿל־גראָז. ווען אָט די אַרבעט איז פֿאַרטיק איז אונדז לײַכטער אויפֿן האַרצן געוואָרן, זײַנען מיר פֿרײַ זיך אַרומצוקוקן, צו טראַכטן וועגן וואָס מע דאַרף טאָן איצט. דער טאָג איז געווען אַ העלער און אַ קלאָרער.

האַקאָן־המלך־בוכטע איז אַ דורכגאָס[266] אַכט מײַל אין דער לענג, וואָס דרינגט אַרײַן אינעם ברעג פֿון דרום־דזשאָרדזשע־אינדזל אויף מיזרח. מיר האָבן באַמערקט אַז די צפֿונדיקע און דרומדיקע זײַטן פֿונעם דורכגאָס זײַנען געפֿורעמט געוואָרן פֿון שטאָציקע באַרג־קייטן, זייערע פֿלאַנקען געאַקערט פֿון ריזיקע גלעטשערס, דער אַרויספֿלייץ פֿונעם גרויסן אײַז־בויגן אינעווייניק. ס'איז קלאָר געווען, אַז די אָ גלעטשערס און די תּהומיקע שיפּאועים פֿון די בערג האָבן ניט געלאָזט קיין וועג אין לאַנד אַרײַן פֿונעם בוכטעלע. מיר האָבן געדאַרפֿט זעגלען צוקאָפּנס פֿון דורכגאָס. וויכערנדיקע וואָלקנס מיט נעפּל־קרענץ האָבן פֿאַרשטעלט דעם דורכגאָס בעת מיר פֿאָרן אַרײַן, נאָר בליקן פֿון שניי־שיפּועים האָבן אונדז געגעבן אַ ביסל האָפֿענונג, אַז פֿון דאָרטן האָבן מיר געקענט אָנהייבן גיין איבער די בערג. עטלעכע שטחים זייער ראַציקע ערד מיט הײַפֿל־גראָז, באַשפּרענקלט מיט קליינע אָזערלעך[267], זײַנען געלעגן צווישן די גלעטשערס צופֿוסנס פֿון די בערג, וואָס זײַנען שווער צעשפּאָלטן מיט סקרי־שיפּועים. עטלעכע גלענצנדיקע שפּיצן און שטאָציקע שטיינער האָבן אָנגעקוקט איבער זייערע שנייִקע פֿעלדער ביזן פֿינקלענדיקן וואַסער פֿונעם דורכגאָס.

אונדזער בוכטעלע איז געלעגן אַ ביסל אינעווייניק פֿונעם דרומדיקן קאַפּל[268] פֿון האַקאָן־המלך־בוכטע. אַן ענגער אײַנשניט אין די סקאַלעס, וואָס זײַנען דאָ אַ הונדערט פֿוס אין דער הייך, האָט געפֿורעמט דעם אַרײַנפֿאָר אינעם בוכטעלע. די סקאַלעס האָבן זיך ווײַטער געצויגן אויףביידע זײַטן אינעווייניק אינעם בוכטעלע, זיך צונויפֿגעגאָסן אין אַ בערגל וואָס פֿאַלט שטאָציק אַראָפּ ביז דער פֿעלדזן־פּלאַזשע. דער אַראָפּפֿאַל, מיט זײַן הײַפֿל־גראָז, איז ניט געווען גלײַך. בײַ צוויי שטחים איז ער פֿלאַכער געווען, מיט קליינע טאָרפֿיקע זומפּן באַשפּרענקלט מיט פֿאַרפֿרוירנע קאַלוזשעס, אויסגעליידיקט דורך צוויי קליינע ריטשקעס. אונדזער הייל איז געווען אַ פֿאַרטיפֿונג אין דער סקאַלע אויף דער לינקער זײַט פֿון דער פּלאַזשע. דער שטיינערנער וואַנט פֿון דער סקאַלע איז דאָ געווען

[266] טאַקע אַ בוכטע (bay), ניט קיין דורכגאָס (sound, strait), אָבער אַ לאַנגע, אַן ענגע. איך האָב דאָ געהאַלטן מיט זײַן טעות, געניצט "דורכגאָס" אָנשטאָט "בוכטע".
[267] tarns: קליינע אָזערעס אין די בערג,געווײַנטלעך אָן סום געוויקסן.
[268] headland

אונטערגעשניטן, און דער זשוויר אַרויפֿגעוואָרפֿן דורך די כוואַליעס האָט געמאַכט אַ שטאָציקן שיפּוע, וואָס מיר האָבן פֿלאַכער געמאַכט, ביז אַן איין־אין־זעקס שיפּוע, דורכן אָפּשקראָבען די שטיינער אַרויס פֿון אינעווייניק. שפּעטער האָבן מיר באַשיטן די רויע פּאָדלאָגע מיט די טויטע, שיִער ניט פֿאַרטריקנטע אונטערבלעטער פֿונעם הײַפֿל־גראָז, זאָל זײַן עפּעס אַ ווייך געלעגער אונטער די שלאָפֿזעק. וואַסער האָט געריזלט אַראָפּ אויף דער סקאַלע, געפֿורעמט לאַנגע סטרעמפּלעך, וואָס הענגען אַראָפּ פֿאַר דער הייל ביז אַ פֿופֿצן פֿוס אין דער לענג. אָט די סטרעמפּלעך האָבן געגעבן אָפּדאַך, און נאָכדעם ווי מיר האָבן פֿאַרשפּרייט די זעגלען אונטער זיי, מיט דער הילף פֿון די רודערס, האָבן מיר גאַהעט קוואַרטירן וואָס, אין די דאָזיקע קאָניונקטורן, זײַנען געווען עפּעס באַקוועם. דער לאַגער איז ווייניקסטנס געווען אַ טרוקענער, האָבן מיר געבראַכט אַהער דאָס גאַנצע געצײַג, מיט בטחון. מיר האָבן אויפֿגעבויט אַ קאַמין, אַוועגעלייגט די שלאָפֿזעק מיט די קאָלדרעס אַרום אים. די הייל איז געווען אַן אַכט פֿוס אין דער טיף און אַ צוועלף פֿוס אין דער ברייט בײַם אַרײַנגאַנג.

בעת מע אָרדענט אײַן דעם לאַגער האָבן איך מיט קרין אַרויפֿגעקלעטערט אויפֿן הײַפֿל־שיפּוע הינטער דער פּלאַזשע, דערגרייכט ביזן אויבן פֿונעם קאַפּל וואָס קוקט אַראָפּ אויפֿן דורכגאָס. דאָרט האָבן מיר געפֿונען די נעסטן פֿון אַלבאַטראָסן, און, אַ מחיה, נעסטן מיט פֿייגעלעך. די אפֿרוחים זײַנען געווען פֿעטע, געזונטע, האָבן מיר תּיכּף באַשלאָסן אַז זיי זײַנען באַשערט יונג צו שטאַרבן. די דרינגלעכסטע דאגה דעמאָלט איז געווען אַ דוחק אין ברענוואַרג פֿאַרן אויוון. מיר האָבן געהאַט ראַציעס אויף אַ צען טעג, און איצט זײַנען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז מע קען קריגן פֿייגל, נאָר הייסע מאָלצײַטן פֿאָדערן ברענוואַרג. דער זאַפּאַס נאַפֿט וואָס אין שיפֿל איז שיִער ניט אויס געווען, האָבן מיר געדאַרפֿט האַלטן אַ טייל דערפֿון צו ניצן אויף דער נסיעה איבער די בערג וואָס קומט. אַ ים־העלפֿאַנד צי ים־הונט וואָלט געגעבן ברענוואַרג ווי אויך עסן, נאָר מיר האָבן קיינעם ניט געזען אין דער געגנט. אין דער פֿרי האָבן מיר אָנגעצונדן אַ פֿײַער אין דער הייל מיט האָלץ פֿונעם שיפֿל־אויבן[269], און כאָטש דער געדיכטער רויך פֿון די פֿײַכטע שטעקנס האָט אָנגעצונדן די אויגן, זײַנען די וואַרעמקייט און דאָס הייסע עסן וואָס קומט כּדאַי געווען. דעם טאָג איז קרין געווען דער קוכער, האָב איך אים פֿירגעלייגט ער זאָל טראָגן זײַן ווינטברילן וואָס ער האָט ווי עס איז מיטגעבראַכט. זיי האָבן אים גאָר געהאָלפֿן, אַז ער בייגט זיך איבערן פֿײַער, אויפֿפּאַסן אויפֿן הוש. און וואָס פֿאַר אַ הוש איז דאָס געווען! די יונגע אַלבאַטראָסן זײַנען געווען צו אַ פֿערצן פֿונדן אין דער וואָג בײַם קײלן, האָבן מיר זיי אָפּגעשאַצט צו מער ווי זעקס

---

[269] "…the top-sides of the boat."

פֿונטן געפֿליקט און צוגעגרייט פֿאַרן טאָפּ. פֿיר פֿייגל זײַנען אַרײַן אין טאָפּ פֿאַר זעקס מענטשן, מיט אַ ראַציע באָווריל צו מאַכן דאָס געדיכטער. דאָס פֿלייש איז געווען ווײַס און סאָקיק, און די ביינער, נאָך ניט גאַנץ געפֿורעמט, זײַנען שיִער ניט צעגאַנגען אין די מײַלער. דאָס איז געווען אַ מאָלצײַט צו געדענקען. ווען מיר זײַנען זאַט גאַוואָרן, האָבן מיר אויסגעטריקנט אונדזער טאַבאַק אין די האָלעוועשקעס פֿונעם פֿײַער, גערויכערט צופֿרידענע. מיר האָבן אַ פּרוּוו געטאָן, אויסטריקענען די קליידער, וואָס זײַנען דורכגעווייקט מיט זאַלץ־וואַסער, אָן הצלחה. מיר האָבן זיך ניט געקענט פֿאַרגינען אַ פֿײַער אַחוץ פֿאַרן קאָכן, ביז מיר קענען קריגן טראָן צי טרײַבהאָלץ.

[און זאָל דאָס זײַן אײַך אויך ווייניק...]

# אַריבער איבער די בערג

## דער דריטער נס

די לעצטע סטאַדיע פֿון דער נסיעה האָט מען נאָך אַלץ געדאַרפֿט פּרוּוון. איך האָב זיך באַרעכנט, אַז דער מצבֿ פֿון דער חבֿרה בכלל און מקניש און ווינסענט בפֿרט, וואָלט אונדז ניט געלאָזט אָפּזעגלען ווידער אַחוץ אונטערן דרוק פֿון גרויליקער נייטיקייט. דערצו איז דאָס שיפֿל שוואַכער געוואָרן מיטן אָפּהאַקן דעם אויבן, האָב איך געספּקט צי מיר קענען זעגלען ווינט־אַרויף אַרום דעם אינדזל[270]. מיר זײַנען נאָך אַלץ געווען 150 מײַלן פֿון דער וואַלפֿיש־סטאַנציע סטראָמנעס[271] אויפֿן ים. דער אויסוועג איז געווען אַ פּרוּוו אַריבערצוגיין איבערן אינדזל. אויב מיר קענען ניט אַריבערגיין, וואָלטן מיר געדאַרף פּרוּוון קריגן עסן און ברענוואַרג גענוג מיר זאָלן איבערלעבן דעם ווינטער, איז אָבער די דאָזיקע מיגלעכקייט געווען קוים צו באַטראַכטן. דאָרט אויפֿן העלפֿאַנד־אינדזל האָבן 22 מענטשן געוואַרט אויף דער הילף וואָס דווקא קומט נאָר פֿון אונדז. זייער קלעם איז ערגער געווען ווי בײַ אונדז, מוזן מיר גיין ווײַטער ווי ניט איז. מיר האָבן געדאַרפֿט וואַרטן עטלעכע טעג, ביז די כּוחות קומען צו זיך, מיר זאָלן קענען זעגלען צי רודערן די לעצטע נײַן מײַלן ביזן קאָפּ פֿון דער בוכטע. דערווײַל האָבן מיר געקענט צוגרייטן וויפֿל ס'איז מיגלעך, און אויסטריקענען די קליידער מיט די קלענסטע שטיקלעך היץ פֿון די קאָכן־פֿײַערן. מיר האָבן זיך פֿרי אַוועקגעלייגט שלאָפֿן די נאַכט, און איך געדענק ווי ס'האָט זיך מיר געחלומט די גרויסע כוואַליע, האָב איך געשריגן גוואַלד, אויפֿגעוועקט די אַנדערע, ווען איך האָב דערזען מיט האַלב־אויפֿגעוועקטע אויגן די הויכע סקאַלע אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם בוכטעלע. אַ ביסל פֿאַר האַלבער נאַכט האָט פּלוצעם אָנגעהויבן ווייען אַ בורע פֿון צפֿון־מיזרח, מיט רעגן און אײַזרעגנדלעך. ס'האָט אַרײַנגעטריבן אַ סך גלעטשער־אײַז אין בוכטעלע אַרײַן און שוין צוויי אַ זייגער פֿ"מ (דעם 12טן מײַ) איז אונדזער קליינער האַוון אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אײַז, וואָס פֿלייצט אַהין און צוריק אינעם אויפֿלויף, און רוקט זיך אַרויף אויף דער פּלאַזשע. מיר זײַנען געווען אויף האַרטן שטיין, געקענט אָנקוקן אָן דאגה. בײַם טאָגליכט איז געגאַנגען אַ שטאַרקן רעגן, און די טעמפּעראַטור איז געווען די העכסטע זינט עטלעכע חדשים. די אײַזליכטלעך וואָס הענגען איבער דער הייל זײַנען זיך צעגאַנגען אין שטראָמען, האָבן מיר געדאַרפֿט פֿלינק זײַן גייענדיק אַרײַן צי אַרויס, מע זאָל ניט געשלאָגן ווערן פֿון די פֿאַלנדיקע פּײַדעס. אַ פֿראַגמענט, פֿופֿטן־צוואַנציק פֿונטן אין דער וואָג, האָט אַראָפּגעקראַכט

---

[270] "…if we could weather the island."

[271] Stromness, דאָס פֿאַבריק־שטעטל, אין אַ טיפֿער בוכטע אויף דער צפֿון־מיזרחדיער זײַט פֿונעם אינדזל, ווו מע מאַכט אייל פֿון וואַלפֿיש.

בעת מיר עסן פֿרישטיק. מיר האָבן געפֿונען אַז בעת דער נאַכט איז אַ גרויס לאָך פֿאַרברענט געוואָרן דורכן אונטן פֿון וואָרסליס רעניפֿער־שלאָפֿזאַק. אַ ברענענדיק געפֿיל אין די פֿיס האָט וואָרסלי אויפֿגעוועקט, האָט ער געפֿרעגט בײַ די שכנים צי עפּעס טוט זיך מיט זײַן זאַק, האָבן זיי אַ קוק געטאָן אָבער אַלץ האָט אויסגעזען ווי עס דאַרף צי זײַן. מיר זײַנען אַלע געווען אַ ביסל אָפּגעפֿרוירן אויף די פֿיס, האָט דאָס געמאַכט די פֿיס ווייטיקדיק, ווי זיי ברענען, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט די הויט פֿאַרלוירן דעם חוש־המישוש. וואָרסלי האָט געמיינט אַז די אומבאַקוועמע היץ אין די פֿיס איז געווען צוליב די אָפּפֿרירס, איז ער געבליבן אינעם זאַק און באַלד נאָך אַ מאָל אַנטשלאָפֿן געוואָרן. ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אין דער פֿרי איז ער געוווּיר געוואָרן אַז דאָס הײַפֿל־גראָז וואָס מיר האָבן אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע פֿון דער הייל האָט זיך געזשאַרעט אַוועק פֿונעם פֿײַער, האָט טאַקע פֿאַרברענט אַ גרויס לאָך אינעם זאַק אונטער די פֿיס. צום גליק זײַנען די פֿיס ניט געשאַט געוואָרן.

די חברה האָט פֿאַרבראַכט אַ שטילן טאָג, פֿאַרנעמען זיך מיט קליידער און געצײַג, קאָנטראָלירן די זאַפּאַסן, עסן, און רוען. עטלעכע פֿון די יונגע אַלבאַטראָסן האָבן געהאַט אַן איידעלן סוף אין אונדזער טאָפּ. די פֿייגל האָבן געהאַט אַ נעסט אויף אַ קליינעם פּלאַטאָ איבערן רעכטן עק פֿון דער פּלאַזשע אונדזערער. פֿריִער זײַנען מיר געוווּיר געוואָרן אַז די קערמע איז פֿאַרלוירן געגאַנגען דעם 10טן מײַ בײַ נאַכט בײַם לאַנדן דאָס שיפֿל. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך שטאַרק אָנגעשטויסן אויף הינטן ווען מיר האָבן זיך קאַראַפּקעט אויף דער יבשה. באַשײַמפּערלעך איז די קערמע דעמאָלט אָפּגעשלאָגן געוואָרן. אַ פֿולשטענדיק זוכעניש אויף דער פּלאַזשע און צווישן די דערגרייכלעכע שטיינער האָט זי ניט געפֿונען. דאָס איז געווען אַן ערנצטער אָנווער, אַפֿילו אַז די נסיעה צוקאָפּנס פֿונעם דורכגאָס וועט פֿאָרקומען מיט גוטן וועטער. פֿאַר נאַכט האָט זיך דאָס אײַן אינעם בוכטעלע געלאָזט אויפֿהייבן און צונויפֿשטויסן אויף דער פּלאַזשע. ס'האָט אונטערגעשטופּט אַ קאַם פֿון פֿעלדזן נאָענט צום אָרט ווו דער *דזשעמז קיירד* ליגט בײַם קאַנט פֿונעם הײַפֿל־גראָז. עטלעכע שטיקער אײַז זײַנען צוגעטריבן געוואָרן פּונקט ביזן קאַנוועגעם וואַנט אויף פֿאַרנט פֿון דער הייל. פֿראַגמענטן האָבן זיך פֿאַרשטעקט נעענטער ווי צוויי פֿוס פֿון ווינסענט, וואָס האָט דעם נידעריקסטן שלאָף־אָרט, ניט מער ווי פֿיר פֿוס פֿונעם פֿײַער. קרין און מקאַרטי האָבן דערהרגעט נאָך זעקס יונגע אַלבאַטראָסן דעם נאָכמיטאָג, האָבן מיר געהאַט אַ סך פֿריש עסן. די לופֿט־טעמפּעראַטור די נאַכט איז מסתּמא ניט נידעריקער געווען ווי 38º אָדער 40º פֿ., זײַנען מיר טאַקע אומבאַקוועם געווען אינעם ענגען שלאָף־אָרט צוליב דער אומגעוויינטער וואַרעמקייט. ווי מע האָט געהאַלט די שכנים האָט זיך געביטן.

ווען די טעמפּעראַטור איז קעלטער פֿון $20^{o}$ פֿ., האָבן מיר געוואָלט זײַן וואָס נעענטער איינער דעם אַנדערן – יעדער האָט זיך געוואָלט צוטוליען מיטן שכן; מיט אַ פּאָר גראַד העכער איז די וואַרעמקייט פֿון יענעמס קערפּער מער ניט געווען קיין געבענטשטע זאַך. דאָס אײַז און די כוואַליעס האָט געהאַט אַ סכּנהדיק קול די נאַכט, אָבער דאָס האָב איך געהערט בלויז אין חלומות.

די בוכטע איז נאָך אַלץ געווען פֿול מיט אײַז אין דער פֿרי שבת, דעם 13טן מײַ, נאָר דער ים־פֿלייץ האָט דאָס אַלץ אַוועקגענומען נאָך מיטאָג, איז דעמאָלט אַ מאָדנע זאַך געשען. די קערמע, וואָס זי האַט געקענט אַרומזעגלען אַרום דעם בריטן אַטלאַנטיק, לאַנדן אַבו ווו אויף צוויי קאָנטינענטן, איז געקומען צו שווימען צוריק אין דער בוכטעלע אַרײַן. מיט באַזאָרגטע אויגן האָבן מיר געקוקט בעת זי קומט נעענטער, ווידער צוריק, און נאָך אַ מאָל נעענטער אונטער דער קאַפּריזיקער השפּעה פֿון ווינט און כוואַליע. אַלץ נעענטער און נעענטער איז זי געקומען בעת מיר וואַרטן אויפֿן ברעג, מיט רודערס בײַ דער האַנט, און סוף־כּל־סוף האָבן מיר זי געקענט כאַפּן. טאַקע אַ חידושדיקע ראַטירונג! דער טאָג איז געווען העל און קלאָר; די קליידער האָבן געטריקנט, איז דער כּוח אונדזער צוריקגעקומען. פֿליסנדיק וואַסער האָט געמאַכט אַ מוזיקאַלישן קלאַנג אַראָפּ אויפֿן הײַפֿל־שיפּוע און צווישן די פֿעלדזן. מיר האָבן געטראָגן די קאָלדרעס באַרג־אַרויף אויפֿן בערגל, אַ פּרווו געטאָן זיי אויסצוטריקענען אינעם ווינטל 300 פֿיס איבערן ים. דעם נאָכמיטאָג האָבן מיר אָנגעהויבן צוגרייטן דעם *דזשעמז קיירד* פֿאַרן פֿאָר צוקאָפּנס פֿון האַקאָן־המלך־בוכטע. אַן אָבסערוואַציע מיטאָגצײַט האָט געגעבן אַ ברייט פֿון $54^{o}$ '10 "47 אויף דרום, נאָר לויט דער דײַטשער קאַרטע האָט די פּאָזיציע געזאָלט זײַן $54^{o}$ '12 א"ד. מסתּמא איז וואָרסליס אָבסערוואַציע געווען די גענויערע. די נאַכט האָבן מיר געקענט האַלטן דעם פֿײַער ברענען ביזן גיין שלאָפֿן, מחמת איך האָב דערזען, בעת מיר זײַנען אַרויף אויף די שטיינער איבערן בוכטעלע, אַ צעבראָכענעם *שיפֿס־קלאָץ*[272], אַרויפֿגעוואָרפֿן פֿון די כוואַליעס. מע האָט געקענט צוקומען צום קלאָץ אַראָפּקריכן אויף דער סקאַלע, און מיט אַזאַ רעזערוו פֿון ברענוואַרג, האָבן מיר זיך גרינגער געקענט פֿאַרגינען ברענען די שטיקלעך דעקונג פֿונעם *דזשעמז קיירד*.

דעם טאָג (דעם 13טן מײַ) אין דער פֿרי האָבן זיך איך און וואָרסלי אַריבערגעטאָפּטשעט איבער די בערגעלעך אויף צפֿון־מיזרח כּדי צו כאַפּן אַ בליק פֿונעם דורכגאָס, אַפֿשר זיך דערוויסן עפּעס ניצלעך אויף דער קומעדיקער סטאַדיע פֿון אָט דער נסיעה. ס'איז געווען אַן אויסשעפּנדיקע אַרבעט, נאָר נאָך צוויי שעה איבער אַ צוויי מיט אַ האַלב מײַל, האָבן מיר געקענט קוקן אויף מיזרח,

[272] spar: אַ מאַסטבוים צי אַן אַנדערער סלופּ פֿון אַ שיף.

בוכטע־אַרויף. מיר האָבן ניט געקענט זען קיין סך פֿונעם לאַנד, וואָס מיר וועלן דאַרפֿן אַריבערגיין אָנצוקומען בײַ דער וואַלפֿיש־סטאַנציע אויף דער אַנדערער זײַט פֿונעם אינדזל. מיר זײַנען פֿאַרבײַ עטלעכע ריטשקעס און פֿאַרפֿרוירענע אָזערלעך, און אויף אַ לאַנדפּונקט ווו מיר האָבן געדאַרפֿט גיין אויף דער פּלאַזשע בײַם ברעג פֿונעם דורכגאָס, האָבן מיר געפֿונען שטיקער וראַק – אַן אַכצן־פֿוס שיפֿס־קלאָץ פֿון סאָסנע (מסתּמא אַ טייל פֿון אַ שיפֿס אויבן־מאַסט[273]), עטלעכע שטיקער געהילץ, און אַ קליינער מאַקעט פֿון אַ שיפֿס גוף[274], דאַכט זיך אַ קינדס שפּילכל. מיר האָבן געוואָלט וועלן וויסן וואָס פֿאַר אַ טראַגעדיע האָט דאָס נעבעכדיקע קליינע שפּילכל אַהערגעבראַכט. מיר האָבן אויך געטראָפֿן עטלעכע זשענטו־פּנגווינען און אַ יונגען ים־העלפֿאַנד, וואָס וואָרסלי דערהרגעט.

ווען מיר זײַנען צוריק אין דער הייל, דרײַ אַ זייגער נ"מ, מיד, הונגעריק, נאָר גאַנץ צופֿרידן מיט זיך, האָט אויף אונדז געוואַרט אַ פּראַכטיקער מאָלצײַט פֿון אַלבאַטראָס־געדישעכץ. מיר האָבן געטראָגן אַ סכום טראָן און די לעבער פֿונעם ים־העלפֿאַנד אין די בלוזקעס, האָבן מיר אַרויסגעוויזן די אוצרות ווי אַ סופּריז פֿאַר די מענטשן. דאָס שווערע גיין אויפֿן וועג צוריק קיין לאַגער האָט אונדז שיִער ניט אײַנגערעדט, מיר זאָלן דאָס אַלץ אַוועקוואַרפֿן, אָבער מיר האָבן אָנגעהאַלטן (מילא די שלעכטע מצבֿ פֿון די שוין אויסגעריבענע קליידער), האָבן מיר געהאַט דעם שׂכר אין לאַגער. די לאַנגע בוכטע איז געהאַט געווען אַ פּראַכטיק בילד, אַפֿילו בײַ אויגן וואָס האָבן שוין לאַנג גענוג געקוקט אויף גדולה, וואָס האָט געגלוסט נאָך די פּשוטע, היימישע זאַכן פֿון טאָג־טעגלעך לעבן. דאָס גרין־בלאָע וואַסער איז צעשלאָגן געוואָרן ביז רציחה פֿון דער בורע פֿונעם צפֿון־מערבֿ. די בערג, "שטרענגע שפּיצן וואָס שטעלן זיך אײַן פֿאַר די שטערן"[275], האָבן אַראָפּגעקוקט דורך די נעפּלען, און צווישן זיי זײַנען ריזיקע גלעטשערס אַראָפּגעפֿלאָסן פֿון די גרויסע אײַז־שיפּועים און פֿעלדער אויף הינטן. מיר האָבן געצאָלט צוועלף גלעטשערס און אַלע פּאָר מינוטן דערהערט דעם אָפּקלאַנג פֿון מאַסן אײַז וואָס האָבן זיך געקעלבט[276] פֿון די מקור־שטראָמען.

דעם 14טן מײַ האָבן מיר אַלץ צוגעגרייט, מיר זאָלן קענען פֿרי אָפּפֿאָרן מאָרגן, זאָל זײַן מיט גוטן וועטער. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן קענען קריגן דאָס איבעריקע פֿלייש פֿונעם ים־האַלפֿאַנד אויפֿן וועג דורכגאָס־אַרויף. מיר אַלע זײַנען געקומען צו זיך נאָך דעם אָנרײַבן פֿון די נאַסע קליידער במשך פֿון דער שיפֿל־נסיעה. אינעווייניק לענג־אויס די פֿיס איז געהאַט זייער שלעכט; אַ היפּשע

---

[273] topmast
[274] hull
[275] דאָס זעט אויס ווי אַ ציטאַט אָבער אַפֿילו די אינטערנעץ ווייסט ניט פֿון וועמען.
[276] calve: דאָס זעלבע וואָרט ווי בײַ קי; שטיקער אײַז פֿאַלן אַראָפּ פֿונעם גלעטשער־פּנים, ווערן אײַזבערג.

צײַט נאָך לאַנדן אינעם בוכטעלע איז אונדז געווען באַוועגונג גאָר ווייטיקדיק. מיר זײַנען געגאַנגען צו גאַסט אַ לעצט מאָל בײַ די אַלבאַטראָס־נעסטן, וואָס געפֿינען זיך אויף אַ קליינעם כוואַליעדיקן פּלאַטאָ איבער דער הייל צווישן הײַפֿלעך, שניי־שטחימלעך, און קליינע פֿאַרפֿרוירענע אָזערלעך. יעדער נעסט איז באַשטאַנען פֿון אַ קופּע מער ווי אַ פֿוס אין דער הייך פֿון הײַפֿל־גראָז, ווערצלעך, און אַ ביסל ערד. די אַלבאַטראָס־הון לייגט איין איי, זייער זעלטן צוויי. די פּויקעלעך, וואָס פּיקן זיך אויס יאַנואַר, זײַנען געפּוטערט געוואָרן אויף דער נעסט פֿון די עלטערן ביז כּמעט זיבן חדושים איידער זיי זײַנען אַוועק אויפֿן ים, אומאָפּהענגיקע. ביזן עלטער פֿון פֿיר חדושים זײַנען די פּויקעלעך שיינע ווײַסע מאַסעס פּוך, נאָר ווען מיר זײַנען דאָרט אָנגעקומען זײַנען זיי שוין אפֿרוחים. אָפּט מאָל איז איינער פֿון די עלטערן־פֿייגל געשטאַנען וואַך לעבן דעם נעסט. אַוודאי איז ניט קיין הנאה אונדז געווען אינעם אָנפֿאַל אויף די פֿייגל, נאָר אונדזער הונגער האָט ניט געוווּסט פֿון גרענעצן. זיי האָבן געהאַט אַזאַ גוטער טעם, האָבן אונדז געהאָלפֿן קומען צו זיך אַזוי פֿיל, אַז יעדער מאָל וואָס מיר האָבן איינע געקוילעט, האָבן מיר געפֿילט ווייניקער חרטה.

דער 15טער מײַ איז געווען אַ גוטער טאָג. מיר האָבן געמאַכט דעם הוש האַלב אַכט אין דער פֿרי. דערנאָך אָנגעלאָדן דאָס שיפֿל, אים געגעבן אַ לויפֿנדיק שטויס אַראָפּ אויף דער שטאָציקער פּלאַזשע אינעם אינדנבראָך אַרײַן. אַ שווערער רעגן איז געגאַנגען די נאַכט און ס'האָט צעבלאָזן אין פֿלאָשן פֿונעם צפֿון־מערבֿ, מיט נעפּלדיקע רעגנדלעך. דער *דזשעמז קיירד* האָט זיך גענומען פֿאָרן אויפֿן ים ווי אַ בעלן אויף אַ שלאַכט נאָך אַ מאָל מיט די כוואַליעס. מיר זײַנען דורכגעפֿאָרן דורכן ענגן מויל פֿון דער בוכטעלע מיט מיאוסע שטיינער און פֿאָכנדיקע קעלפּ נאָענט אויףביידע זײַטן, זיך געדרייט אויף מיזרח, געזעגלט פֿריילעך בוכטע־אַרויף, בעת די זון ברעכט דורך דורך די נעפּלען, געפֿינקלט אויף די געוואָרפֿענע וואַסערן אַרום און אַרום. מיר זײַנען געווען אַ טשיקאַווע חבֿרה דעם העלן אינדערפֿרי, נאָר אַ פֿריילעכע. אַפֿילו האָבן מיר זיך צעזונגען, און אַחוץ וואָס מיר זייען אויס ווי ראָבינסאָן קרוסאָ, וואָלט אַ צופֿעליקער אָנקוקער געזען אַ חבֿרה אויף אַ פּיקניק, זעגלען אין אַ פֿיאָרד אין נאָרוועגיע אָדער אין איינעם פֿון די שיינע דורכגאָסן אויפֿן מערבֿדיקן ברעג פֿון ניו־זילאַנד. דער ווינט האָט פֿריש און שטאַרק געבלאָזן, קליינע כוואַליעס האָבן זיך צעבראָכן אויפֿן ברעג בעת מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ. דער אינדנבראָך איז געווען גענוג שטאַרק צו שטעלן דאָס שיפֿל אין סכּנה אויב מיר האָבן געפּרוּווט לאַנדן ווו ס'איז געלעגן די פֿגירה פֿונעם ים־העלפֿאַנד, האָבן מיר באַשלאָסן ווײַטער צו פֿאָרן צוקאָפּנס פֿון דער בוכטע, ניט ריזיקירן מיט גאָרנישט, ספּעציעל אַז מע קער געפֿינען ים־העלפֿאַנדן אויף די העכערע

פֿלאַזשעס. די גרויסע ברואים זוכן בטבֿע רויִקע קוואַרטאַלן אָפּגעהיט פֿון די כוואַליעס. דערצו האָבן מיר געהאָפּט מיר זאָלן געפֿינען פּענגווינען. אונדזער אַרויסקוק וועגן די ים־העלפֿאַנדן איז געווען ריכטיק. מיר האָבן דערהערט די ברומען פֿון די בוהײַעס בעת מיר קומען אָן בײַם בוכטע־קאָפּ, און באַלד דערנאָך האָבן מיר דערזען די גראָבע, אומגעלומפּערטע געשטאַלטן פֿון די חיות וואָס זיי ליגן אויף אַ משופּעדיקער פּלאַזשע בײַם בוכטע־קאָפּ. מיר זײַנען אַרום אַ הויכן, גלעטשער־אָפּגעריבענעם בלאָף[277] אויף דער צפֿונדיקער זײַט, און האַלב איינס נ"מ האָבן מיר געפֿירט דאָס שיפֿל אויף דער יבשה אויף אַ נידעריקער פּלאַזשע פֿון זאַמד מיט שטיינדלעך, מיט הײַפֿל־גראָז איבער דער הויך־וואַסער־ליניע. אַרום און אַרום זײַנען געווען הונדערטער ים־העלפֿאַנדן, איז אונדזער דאגה וועגן עסן פֿאַרשוווּנדען געוואָרן. פֿלייש מיט טראָן וואָס וועט אונדז קלעקן אויף יאָרן איז אונדז געלעגן פֿאַר די אויגן. דער לאַנדן־אָרט איז אַן ערך אַנדערטהאַלבן מײַל אויף מערבֿ פֿונעם צפֿון־מיזרחדיקן ווינקל פֿון דער בוכטע. אַ ביסל אויף מיזרח איז געווען אַ גלעטשער־שנוק וואָס ענדיקט זיך אויף דער פּלאַזשע נאָר גיט אַ דורכפֿאָר צום בוכטע־קאָפּ, אַחוץ בײַם הויכן וואַסער אָדער ווען אַ שווערער אינדנבראָך לויפֿט. אַ קאַלט רעגנדל האָט אָנגעהויבן פֿאַלן, האָבן מיר זיך וואָס גיכער צוגעשטעלט עפּעס אַן אָפּדאַך. מיר האָבן אַרויפֿגעשלעפּט דעם *דזשעמז קיירד* איבער דער הויך־וואַסער־ליניע, אים איבערגעקערט אַ ביסל ווינט־אַראָפּ, ד"ה אויף דער מיזרחדיקער זײַט פֿונעם בלאָף. דער אָרט איז צעשיידט געוואָרן פֿון דער באַרג־זײַט דורך אַ נידעריקן מאָרענישן[278] ברעג, וואָס הייבט זיך אויף אַ צוואַנציק־דרײַסיק פֿוס איבערן ים. באַלד האָבן מיר געמאַכט פֿונעם שיפֿל זייער אַ באַקוועמע קאַבינע, אַלאַ פּעגאָטי[279], פֿאַרזיגלען דאָס אַרום און אַרים מיט טאָרף פֿון הײַפֿל־גראָז, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבט מיט מעסערס. איין זײַט פֿונעם *דזשעמז קיירד* איז געלעגן אויף שטיינער, צו מאַכן אַ נידעריקן אײַנגאַנג, און ווען מיר האָבן זיך געענדיקט, האָט ער אויסגעזען ווי ער איז דאָרט געוואַקסן. מקאַרטי איז געווען גאָר אַ בעלן אויף דער דאָזיקער אַרבעט. אַ ים־העלפֿאַנד האָט אונדז געגעבן ברענוואַרג און פֿלייש און דער אָוונט האָט געפֿונען אַן אָנגעזעטיקטע און אַ גאָר צופֿרידענע פּאַרטיע זיך אָפּרוען אין פּעגאָטי־לאַגער.

אונדזער לאַגער, ווי איך האָב געזאָגט, איז געלעגן אויף דער צפֿונדיקער זײַט פֿון האַקאָן־המלך־בוכטע כמעט צוקאָפּנס. דער וועג צו די וואַלפֿיש־סטאַנציעס האָט געפֿירט אַרום דעם ים־עק פֿונעם גלעטשער־שנוק אויף מיזרח פֿונעם לאַגער,

---

[277] bluff: אַ שטאָציקע, ברייטע סקאַלע.

[278] morainic: אַ moraine איז די מאַסע זאַמד, זשוויר, שטיינער, אאַז"וו, וואָס אַ גלעטשער טראָגט אָדער שטויסט פֿאָרויס פֿאַר זיך און וואָס בלײַבט פֿאַרן שנוק.

[279] Peggoty: אַ משפּחה אין טשאַרלס דיקענסעס David Copperfield; אינעם ראָמאַן וווינען זיי טאַקע אין אַזאַ מין הויז.

אַרויף אויף אַ שניי־שיפּוע וואָס זעט אויס צו פֿירן ביז אַ דורכגאַנג אין דער גרויסער אַלאַרדײַס־קייט[280], וואָס גייט צפֿון־מערבֿ / דרום־מיזרח און פֿורעמט דעם הויפּט־רוקנביין פֿון דרום־דזשאָרדזשע. די קייט האָט זיך געניינגט אַנטקעגן דער בוכטע אין אַ בולטן דורכגאַנג פֿון מיזרח אויף מערבֿ. אַן אײַז־בויגן האָט באַדעקט ס'רובֿ אינלאַנד, אָנגעפֿילט די טאָלן, באַהאַלטן דעם טערען, וואָס האָט זיך טאַקע נאָר באַוויזן אין גרויסע שטיינערנע קאַמען, שפּיצן, און נונאַטאַקס[281]. אַז מע קוקט אַרויף אויפֿן דורכגאַנג פֿון פּעגאָטי־לאַגער האָט דאָס לאַנד אויף לינקס אויסגעזען אַז ס'זײַנען דאָ צוויי גרינגע וועגן אַריבער ביזן אַנטקעגנדיקן ברעג, נאָר מיר האָבן געוווּסט אַז דאָרטן איז אומבאַוווינט (פֿאַרמאָגן־בוכטע[282]). מיר האָבן זיך געדאַרפֿט בייגן ווײַטער אויף מיזרח, נאָר ס'איז געווען אוממיגלעך פֿון לאַגער זיך צו דערוויסן וואָס וועט זײַן די מצבֿ פֿאַר אונדז אויף דער נסיעה איבער די בערג. איך האָב בדעה געהאַט אַרויפֿצושטײַגן ביזן דורכגאַנג און פֿון דאָרטן לאָזן זיך גיין ווו־הין דאָס לאַנד דערלאָזט, צו געפֿינען אַ רוטע אויף מיזרח קיין סטראָמנעס־בוכטע, ווו געפֿינען זיך די וואַלפֿיש־סטאַנציעס אין די מינערדיקע בוכטעס, ליט, הוסוויק, און סטראָמנעס[283]. אַ קייט בערג מיט תּהומיקע שיפּועים, אָפּשרעקנדיקע שפּיצן, און גרויסע גלעטשערס איז געלעגן פּונקט אויף דרום פֿון האַקאָן־המלך־בוכטע, האָט אויסגעזען ווי אַ המשך פֿון דער הויפּט־קייט. צווישן דער צווייטיקער קייט און דעם דורכגאַנג איבער אונדזער לאַגער האָט זיך אויפֿגעהויבן ביזן אינלענדישן אײַז־בויגן אַ גרויסן שניי־שיפּוע, דערגרייכט ביז אַ שטיינערדיקן קאַם וואָס ציט זיך פּאָפּעריק איבער אונדזער רוטע, האָט אויסגעזען ווי ער פֿאַרשטעלט אונדז דעם וועג. דער דאָזיקער קאַם איז געווען אַ רעכט־ווינקלדיקער אָפּשפּראָץ פֿונעם הויפּט־קאַם. זײַן הויפּט־שטריך איז געווען פֿיר שטיינערדיקע שפּיצן מיט אָפּרוקן צווישן זיי, וואָס פֿון דער ווײַטנס זייען אויס ווי מיגלעכע דורכגאַנגען.

דער וועטער איז געווען שלעכט דינסטיק דעם 16טן מײַ, זײַנען מיר געבליבן אונטערן שיפֿל כּמעט דעם גאַנצן טאָג. די קוואַרטיר איז ענג געווען נאָר ס'האָט אונדז גאַנץ באַשיצט פֿונעם וועטער, זײַנען מיר שטאַרק צופֿרידן מיט דער קליינער קאַבינע אונדזערער. גרויסע מאָלצײַטן פֿון ים־העלפֿאַנד־סטייק און לעבער האָבן פֿאַרגרעסערט די צופֿרידנקייט. מקניש האָט איבערגעגעבן דעם טאָג אַז ער האָט דערזען שטשורעס דערנערן זיך מיט די שיריים, נאָר דעם דאָזיקן אַרויסזאָג האָט מען ניט קאָנטראָלירט. מע וואָלט זיך ניט געריכט אויף שטשורעס אין אַזאַ מין

---

[280] Allardyce Range
[281] nunatak: (אינוקטיטוט: Inuktitut ) אַן איסאָלירטער באַרג־שפּיץ וואָס באַווײַזט זיך איבערן אײַז־בויגן.
[282] Possession Bay
[283] Leith, Husvik, and Stromness

אָרט, נאָר ס'איז אפֿשר מיגלעך, אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט פֿון אַ וורראַק, זײַנען אויסגעקומען אין די זייער שווערע צושטאַנדן.

אַ שטאַרק ווינטל פֿון מערבֿ־דרום־מערבֿ האָט געבלאָזן אויף צו מאָרגנס (מיטוואָך, דעם 17טן מײַ), מיט נעפּלדיקע סקוואַלן, אײַזרעגן, און רעגן. איך האָב וואָרסלי מיטגענומען אויף אַן אויסקוק־נסיעה אויף מערבֿ כּדי אַ קוק צו טאָן אויפֿן לאַנד וואָס מיר וועלן אים אַריבערגיין בײַם אָנהייב פֿון דער איבערלאַנד־נסיעה. מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען דעם ים־עק פֿונעם גלעטשער מיטן שנוק, און נאָך אפֿשר אַ מײַל טאָפּטשען איבער שטיינערדיקער ערד און שניי־באַדעקט ברעך, זײַנען מיר אַריבער איבער אַ פּאָר גרויסע קאַמען פֿון סקרי און מאָרענעס. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז ס'איז דאָ טאַקע גוט גיין פֿאַר אַ שליטן ביזן צפֿון־מיזרחדיקן ווינקל פֿון דער בוכטע, נאָר ווײַטער האָבן מיר ניט געקענט זען צוליב אַ שניי־סקוואַל וואָס פֿאַרשטעלט אַלץ. מיר האָבן געוואַרט אַ פֿערטל שעה, דער וועטער זאָל זיך אויסלײַטערן, נאָר מיר האָבן געדאַרפֿט צוריקקערן אָן שום בליק פֿאָרויס. איך האָב זיך באַפֿרידיקט פֿונדעסטוועגן אַז מיר וועלן קענען דערגרייכן אַ גוטן שניי־שיפּוע וואָס זאָל פֿירן אויפֿן אינלאַנד־אײַז. וואָרסלי האָט גערעכנט פֿון דער קאַרטע, אַז פֿונעם לאַגער ביז הוסוויק, גייענדיק אויף מיזרח מאַגנעטיש, איז זיבעצן געאָגראַפֿישע מײַלן[284], נאָר אַוודאי קען מען ניט גיין גלײַך אויף אַ ליניע. דער סטאָליער האָט אָנגעהויבן מאַכן אַ שליטן פֿאַר דער איבערלאַנד־נסיעה. די מיטלען פֿאַר זײַן אַרבעט זײַנען געווען באַגרענעצטע, און קוים האָבן זיי געטויגט דערצו.

דינסטיק, דעם 18טן מײַ האָבן מיר רעמאָנטירט דאָס געצײַג, געשלעפּט דעם שליטן ביזן נידעריקן קאַנט פֿונעם שנוק־גלעטשער. דאָס פֿאָרמיטל האָט זיך באַוויזן שווער און אומגעלומפּערט. מיר האָבן דאָס געדאַרפֿט אויפֿהייבן ליידיק איבער נאַקעטע שטחים שטיין לענג־אויס דעם ברעג, בין איך געקומען צו פֿאַרשטיין אַז ס'וועט זײַן צו שווער, דרײַ מענטשן זאָלן אים קענען פֿירן צווישן די שניי־פֿלאַכן, גלעטשערס, און שפּיצן אינעווייניק. וואָרסלי און קרין האָבן געזאָלט מיט מיר מיטגיין. נאָך אַן עצה־האַלטונג האָבן מיר באַשלאָסן איבערצולאָזן די שלאָפֿזעק, מאַכן די נסיעה לײַכט און גיך, מיטנעמען צו דרײַ טאָג עסן, שליטן־ראַציעס מיט ביסקוויט. דאָס עסן וואָלט מען אײַנפּאַקן אין דרײַ זעק, יעדער זאָל קענען טראָגן דאָס אייגענע. דערמיט וואָלטן מיר מיטנעמען דעם פּרימוס־לאָמפּ אָנגעפֿילט מיט אייל, דאָס קליינע קאָכער, דעם סטאָליערס אַדז[285] (ווי אַן אײַז־האַק), און דעם אַלפּין־שטריק, וואָס ווי צוגעבונדן איז פֿופֿציק פֿוס אין

[284] geographical mile: 6087 פֿיס, כּמעט די זעלבע לענג ווי אַ ים־מײַל (nautical mile).

[285] adze: אַ האָלצאַרבעט־מכשיר, עפּעס ווי אַ העק נאָר מיט דער שאַרף פּערפּענדיקולאַר צום טראָניק, געניצט אויסצוגלײַכן האָלץ.

דער לענג. אפֿשר וועלן מיר זיך דאַרפֿן אַראָפּלאָזן אויף שטאָציקע שיפּועים אָדער אַריבערגיין איבער צעשפּאַלטענע גלעטשערס. דער אָנגעפֿילטער לאָמפּ האָט געזאָלט קלעקן אויף זעקס הייסע מאָלצײַטן, שליטן־ראַציעס צונויפֿגעזידט מיט ביסקוויט. צוויי קעסטלעך שוועבעלעך זײַנען געבליבן, איינס אַ פֿולס און איינס שוין אַ ביסל געניצט. דאָס פֿולע קעסטל האָבן מיר איבערגעלאָזט מיט די מענטשן אינעם לאַגער, האָבן מיט זיך מיטגענומען דאָס צווייטע, מיט אַכט־און־פֿערציק שוועבעלעך. מיר איז געווען שלעכט בנוגע פֿוסוואַרג, וואָרן איך האָב אַוועקגעגעבן מײַנע שווערע בערבערי־שטיוול אויף דער קריִע, און איצט האָב איך געהאַט נאָר אַ לײַכטערע, אויסגעריבענע פּאָר. דער סטאָליער האָט געהאָלפֿן, אײַנשרויפֿן עטלעכע שרויפֿן אין די פּאַדעשוועס, צוליב אַן אָנהאַלט אויפֿן אײַז. די שרויפֿן האָט ער גענומען פֿונעם *דזשעמז קיירד*.

מיר האָבן זיך פֿרי אַוועקגעלייגט די נאַכט, נאָר איך האָב ניט געקענט אײַנשלאָפֿן. דער מוח האָט זיך געדרייט מיט וואָס קומט אויף צו מאָרגנס. דער וועטער איז געווען קלאָר, און ס'האָט גוט אויסגעזען פֿאַר אַן אָנהייב פֿרי אין דער פֿרי. הינטער אונדז אין לאַגער וועט בלײַבן אַ שוואַכע פּאַרטיע. ווינסענט איז נאָך געווען ווי פֿריִער, האָט ניט געקענט מאַרשירן. מקניש איז שיִער ניט צעבראָכן געוואָרן. די צוויי האָבן זיך ניט געקענט טאָן פֿאַר זיך, האָט מקאַרטי געמוזט בלײַבן זיי צוצוזען. אים וועט מסתּמא זײַן שווער טאָמער ס'איז אונדז ניט געראָטן אָנצוקומען בײַ דער וואַלפֿיש־סטאַנציע. לויט דער קאַרטע איז הוסוויק ניט מער ווי זיבעצן געאָגראַפֿישע מײַלן גיין גלײַך, נאָר מיר האָבן כּמעט גאָרנישט ניט געוווּסט, ווי עס טוט זיך אינעם אינלאַנד. קיינער האָט קיין מאָל ניט אַרײַנגעדרונגען אַפֿילו איין מײַל אינעווייניק פֿון ברעג אויפֿן גאַנצן דרום־דזשאָרדזשע, און די וואַלפֿישערס וואָס איך האָב געקענט האָבן דאָס לאַנד געהאַלטן פֿאַר אומגרייכלעך. דעם טאָג, בעת מיר גייען צו צום שנוק־גלעטשער, האָבן מיר דערזען דרײַ ווילדע קאַטשקעס פֿליִען צום בוכטע־קאָפּ פֿון מיזרח. איך האָב געהאָפֿט אַז די פֿייגל זײַנען אַ סימן אויף הײַפֿל־גראָז און ניט שניי־פֿעלדער מיט גלעטשערס אינעווייניק, אָבער די האָפֿענונג איז ניט געווען קיין גרויסע.

מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט צוויי אַ זייגער פֿ"מ דעם פֿרײַטיק אין דער פֿרי, איז דער הויש צוגעגרייט געוואָרן מיט אַ שעה שפּעטער. די פֿולע לבֿנה האָט געשײַנט פֿון אַ קלאָרן הימל אַראָפּ, אירע שטראַלן פּראַקטיק אָפּגעשפּיגלט פֿון די שפּיצן און צעשפּאַלטענעם אײַז פֿון די דערבײַיִקע גלעטשערס. די ריזיקע שפּיצן פֿון די בערג זײַנען געשטאַנען שטאַרק אַנטקעגן דעם הימל, טונקעלע שאָטנס געוואָרפֿן אויפֿן וואַסער אינעם דורכגאָס. מע האָט זיך ניט געזאָלט פֿאַרהאַלטן, זײַנען מיר געווען אין וועג אַרײַן פּונקט נאָכן מאָלצײַט. מקניש איז מיט אונדז

מיטגעגאַנגען אַ 200 יאַרדן; ער האָט ניט געקענט ווײַטער. מיר האָבן זיך געזעגנט, איז ער צוריק אין לאַגער. די ערשטע אַרבעט איז געווען געפֿינען אַ וועג אַרום דעם שנוק־גלעטשער, וואָס האָט שפּיצן ווי פֿינגער וואָס שטעקן אַרויס צום ים צו. די כוואַליעס זײַנען געקומען פּונקט ביז די עקן פֿון די פֿינגער, האָבן מיר געדאַרפֿט לויפֿן פֿון איין פֿאַרטיפֿונג ביז אַן אַנדערער ווען דאָס וואַסער גייט אָפּ. באַלד זײַנען מיר אָנגעקומען בײַ דער מיזרחדיקער זײַט פֿונעם גלעטשער, באַמערקט זיין גרויסע אַקטיווקייט דאָ. ס'האָט זיך שוין געביטן אינעם פֿאַרגאַנגענעם מעת־לעת. עטלעכע גאָר גרויסע שטיקער זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן, די מאַסעס בלאָטע מיט שטיינער וואָס דאָס אָנקומענדיקע אײַז טרײַבט פֿאַר זיך האָבן זיך באַוועגט פֿאַר די אויגן. דאָס גלעטשער איז געווען עפּעס אַ ריזיקער אַקער רוקן זיך אומאָפּשטעלעוודיק צום ים צו.

אויף דער פּלאַזשע הינטער דעם גלעטשער איז געלעגן וורעק, דער סוף פֿון אַ סך פֿאַרפֿאַלענע שיפֿן. מיר האָבן דערזען באַלקנס[286] פֿון טיק־האָלץ, ברייט אויסגעשניצטע, וואָס האָט געדאַרפֿט קומען פֿון אַן אַלטמאָדישער שיף; אײַזן־געבונדעטע שטאַנגען מיטן אײַזן כמעט גאַנץ פֿאַרזשאַווערט געוואָרן; צעשלאָגענע פֿעסער און אַ סך געוויינטעכער רים פֿון ים. מיר האָבן געהאַט די אייגענע צרות און דאגות, נאָר בעת מיר זײַנען פֿאַרבײַ אָט דעם ים־צווינטער, האָבן מיר געטראַכט וועגן די אַלע טראַגעדיעס אָנגעשריבן אויף די כוואַליע־צעריבענע שטיקער פֿון פֿאַרפֿאַלענע שיפֿן. מיר האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט, און באַלד זײַנען מיר אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ שניי־שיפּוע, גלײַך אויף מיזרח אויף דער לעצטער לענג פֿון דעם אָ לאַנגען וועג.

די שניי־אייבערפֿלאַך איז געווען אַן אַנטוישונג. מיט צוויי טעג פֿריִער האָבן מיר געהאַט געקענט גיין גיך אויפֿן האַרטן, אָנגעפּאַקטן שניי; איצט זײַנען מיר אײַנגעזונקען ביז די קנעכלעך מיט יעדער טריט, איז דאָס גיין פּאַמעלעך געווען. נאָך צוויי שעה כּסדרדיק אַרויפֿקריכן זײַנען מיר געקומען ביז 2500 פֿיס איבערן ים. דער וועטער איז נאָך געבליבן פֿײַן און שטיל, און בעת די קאַמען קומען נעענטער און דער מערבֿדיקן ברעג פֿונעם אינדזל האָט זיך פֿאַרשפּרייט אונטן, האָט אונדז די העלע לבֿנה־שײַן קלאָר באַוויזן אַז אינעווייניק איז דאָס לאַנד אומגעהײַער צעבראָכן. הויכע שפּיצן, ניט דורכצוגייענדיקע סקאַלעס, שטאָציקע שניי־שיפּועים, און שאַרף אַראָפּגייענדיקע גלעטשערס האָבן זיך אומעטום שטאַרק באַוויזן, מיט שטחים שניי־פּליין איבערן אײַז־בויגן אינעווייניק. דער שיפּוע וואָס מיר גייען אַרויף אויף אים איז אַרויפֿגעקראָכן ביז אַ קאַם, האָט אונדזער וועג געפֿירט גראָד ביזן אויבן. די לבֿנה, וואָס איז אונדז געווען אַ גוטער פֿרײַנד במשך

[286] stanchions: גרויסע האָלצערנע קלעצער וואָס שפּאַרן אונטער קייטן אָדער אַנדערע טיילן פֿון אַ שיף.

פֿון דער נסיעה, האָט איין מאָל געוואָרפֿן אַ לאַנגן שאָטן, האָט אונדז אויסגעזאָגט, אַז פֿאַר אונדז איז די אייבערפֿלאַך אַ צעבראָכענע. בײַ צײַטנס געוואָרנט, האָבן מיר אויסגעמיטן אַ ריזיקע לאָך וואָס האָט געקענט אַראָפּשלינגען אַן אַרמיי. די בוכטע איז איצט געווען אַ דרײַ מײַל אַוועק, האָט זיך געלאָזט הערן דער כסדרדיקער ברום פֿון אַ גרויסן גלעטשער צוקאָפּנס פֿון דער בוכטע. דער דאָזיקער גלעטשער, וואָס מיר האָבן אים פֿריִער באַמערקט בײַם איבערזײַן אין פּעגאָטי־לאַגער, האָט געהאַלטן, אַ פּנים, אין איין קעלבן.

איך האָב געהאַט געהאָפֿט אַ קוק צו קריגן אויפֿן לאַנד פֿאַר אונדז פֿון אויבן אויפֿן שיפּוע, נאָר בעת די אייבערפֿלאַך איז מער האָריזאָנטאַל געוואָרן אונטער די פֿיס איז אַ געדיכטער טומאַן אַראָפּגעדרייפֿט. די לבֿנה איז פֿאַרשטעלט געוואָרן, האָט געגעבן אַ צעשוווּמענע ליכט וואָס איז ערגער ווי פֿינצטערניש, מחמת עס האָט באַלויכטן דעם טומאַן נאָר ניט דערלאָזט זען וווּהין מע גייט. מיר האָבן זיך צוגעבונדן מיטן שטריק, ווי אַ באַוואָרעניש קעגן לעכער, שפּאַלטן, און תּהומען, און איך בין פֿאָרויס, געשליאָפּעט[287] דורכן ווייכן שניי. מיט כּמעט דער גאַנצער לענג פֿונעם שטריק פֿון מיר צוריק ביזן לעצטן, האָבן מיר געקענט גיין גלײַך מער־ווייניקער אויף אַ דירעקטן קורס – אַז איך דריי זיך אויף רעכטס צי לינקס מאַרשירן אין דער הוילער וואַנט פֿון נעפּל אַרײַן, שרײַט דער לעצטער אויפֿן שטריק אַ ריכטונג. איז, ווי אויף אַ שיף מיט "לינקן באָרד", "רעכטן באָרד", און "פֿאָרויס", האָבן מיר געטראָטן דורכן טומאַן צוויי שעה.

דערנאָך, ווען עס קומט אָן דער טאָג, איז דער טומאַן שיטערער געוואָרן, זיך אויפֿגעהויבן, און פֿון אַ הייך פֿון אַ 3000 פֿוס, האָבן מיר אַראָפּגעקוקט אויף, ווי עס האָט אויסגעזען, אַ גרויער פֿאַרפֿרוירנער אָזערע, דעם צווייטן ברעג נאָך אַלץ פֿאַרשטעלט אין נעפּל. מיר האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט, צו עסן אַ שטיקל ביסקוויט, בעת מיר האָבן אַרומגערעדט צי מיר זאָלן אַראָפּגיין און איבערגיין איבער דער גלײַכער אייבערפֿלאַך פֿון דער אָזערע, צי האַלטן אין גיין אויפֿן קאַם ווו מיר זײַנען שוין. איך האָב באַשלאָסן אַראָפּצוגיין, מחמת די אָזערע שטייט אויפֿן וועג. נאָך איין שעה לפֿי־ערך גרינג גיין דורכן שניי האָבן מיר דערזען די דינע אָנהייבן פֿון שפּאַלטן. באַלד האָבן זיי זיך פֿאַרגרעסערט, באַוויזן בראָכן, וואָס באַווײַזט אַז מיר גייען אויף אַ גלעטשער. בעת דער טאָג ווערט העלער איז דער נעפּל שיטערער געוואָרן; מע האָט געקענט זען די אָזערע, נאָר נאָך ניט דעם מיזרחדיקן ברעג. אַ ביסל שפּעטער איז דער נעפּל אין גאַנצן אַוועק, האָבן מיר געזען אַז די אָזערע אונדזערע האָט זיך געצויגן ביזן האָריזאַנט, איז אונדז פּלוצעם אײַנגעפֿאַלן אַז מיר קוקן אויפֿן אָפֿענעם ים בײַם מיזרחדיקן ברעג פֿונעם אינדזל.

[287] broke trail: דער וואָס גייט דער ערשטער האָט די שווערסטע אַרבעט גיין צו פֿוס דורך שניי.

דאָס קליינע אַרויף־און־אַראָפּ בײַם ברעג האָט באַוויזן אַז דער ים איז אַפֿילו ניט פֿאַרפֿרוירן – די שלעכטע ליכט האָט אונדז אָפּגענאַרט. אַ פּנים זײַנען מיר געווען צוקאָפּנס פֿון פֿאַרמאָגן־בוכטע, און דער אינדזל דאָרט האָט ניט געקענט זײַן מער ווי פֿינף מײַל אַריבער פֿונעם קאָפּ פֿון האַקאָן־המלך־בוכטע. אונדזער רויע קאַרטע איז ניט געווען געַנוי. גאָרנישט וואָס צו טאָן אַחוץ צוריקגיין נאָך אַ מאָל אויפֿן גלעטשער אַרויף. דאָס איז געווען אפֿשר זיבן אַ זייגער אין דער פֿרי, און ביז נײַן אַ זייגער האָבן מיר צוריקגעקראָגן דעם פֿאַרלוירענעם גאַנג. מיר זײַנען נאָך אַ מאָל אָנגעקומען אויפֿן קאַם, און פֿון דאָרטן געגאַנגען אויף דרום־מיזרח, ווײַל אויף דער קאַרטע באַווײַזן זיך נאָך צוויי בוכטעס אַרײַנגערוקט אינעם ברעג פֿאַר סטראָמנעס. ס'איז אונדז געווען אַ הילף, צו האָבן דאָס מיזרחדיקן וואַסער פֿאַר די אויגן בעת דער נסיעה, כאָטש מיר האָבן געקענט זען אַז מע קען ניט גיין פּונקט בײַם ברעג, צוליב די שטאָציקע סקאַלעס און גלעטשערס. מענטשן האָבן געוווינט אין הײַזער מיט עלעקטריע אויפֿן מיזרחדיקן ברעג. נײַעס פֿון דער ווײַטער וועלט האָבן אויף אונדז דאָרט געוואַרט, און דער עיקר, דער מיזרחדיקער ברעג האָט פֿאַר אונדז געמיינט דאָס מיטל צו ראַטעווען די צוויי־און־צוואַנציק מענטשן וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אויף העלפֿאַנד־אינדזל.

די זון איז אַרויף אין הימל מיט די אַלע סמינים פֿון אַ שיינעם טאָג, זײַנען מיר וואַרעמער געוואָרן בעת מיר האָראָווען דורכן ווייכן שניי. פֿאָרויס איז געלעגן די קאַמען און אונטערשפּיצן[288] פֿון אַ קייט בערג, די קוווער־קייט וואָס מיר האָבן דערזען פֿון דער בוכטע. מיר זײַנען געגאַנגען איבער אַ לינד אויפֿהייבנדיקער פּלאַטאָ, און נאָך אַ שעה זײַנען מיר געוואָרן אומבאַקוועם הייס. מיט יאָרן צוריק, אויף אַ פֿריַערדיקער עקספּעדיציע, האָב איך געהאַט געשוואָרן, איך זאָל זיך קיין מאָל ניט באַקלאָגן אַז די זון איז צו הייס, איז די אָ החלטה מײַנע פֿאַרשטאַרקט געוואָרן בעת דער שיפּל־נסיעה. איך האָב זיך אין דעם דערמאָנט אַז די זון שײַנט רציחהדיק אויפֿן פֿאַרבלענדענעם ווײַסן שניי־שיפּוע. נאָך דעם וואָס מיר זײַנען פֿאַרבײַ אַ שטח מיט שפּאַלטן, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט פֿאַרן ערשטן מאָלצײַט. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ לאָך אינעם שניי, אַ דרײַ פֿוס אין דער טיף, מיטן אַדז, און אַוועקגעשטעלט דעם פּרימוס דערין. דעמאָלט איז ניט געווען קיין ווינט, נאָר ס'האָט געקענט קומען אַ פֿלאָש מיט אַ מאָל. אַ הייסער הוש איז באַלד אויפֿגעגעסן געוואָרן, און מיר האָבן זיך צוגעטאָפּטשעט ווײַטער צו אַ שאַרפֿן קאַם צווישן צוויי פֿון די שפּיצן פֿריַער דערמאָנט. עלף אַ זייגער פֿ"מ זײַנען מיר שיִער ניט אויפֿן אויבן. איז דער שיפּוע תּהומיק געוואָרן, האָבן מיר געדאַרפֿט אָפּשנײַדן טרעפּלעך אַז מיר גייען. דער אַדז האָט צו דער דאָזיקער אַרבעט גוט געפּאַסט, איין שלאָג,

288 spurs: נידעריקערע שפּיצן לעבן אַ הויכשפּיץ, דער באַרג גופֿא.

איין אָנהאַלט. באַזאָרגט אָבער מיט האָפֿענונג האָב איך אויסגעגראָבן די לעצטע פּאָר טריט, געשטאַנען אויפֿן גאָלמעסער־רוקן[289], בעת די אַנדערע האָבן געהאַלטן דעם שטריק, געוואַרט אויף נײַעס. דער אויסבליק איז געווען אַן אַנטוישונג. איך האָב אַראָפּגעקוקט אין גאָר אַ תּהום ביז אַ כאַאָס פֿון צונויפֿגעשטויסן אײַז 1500 פֿוס אונטן. ניט קיין וועג אַראָפּ פֿאַר אונדז. דער באָדן אויף מיזרח איז געווען אַ גרויס שניי־הויכלאַנד, וואָס גייט באַרג־אַרויף ווײַט אַ זיבן־אַכט מײַל ביז איבער 4000 פֿוס אין דער הייך. אויף צפֿון האָט עס שטאָציק אַראָפּגעפֿאַלן מיט גלעטשערס אין די בוכטעס אַרײַן, און אויף דרום איז עס צעבראָכן געוואָרן מיט ריזיקע אַרויספֿאַלן[290] פֿונעם אײַז־בויגן אינעווייניק. אונדזער וועג האָט געפֿירט צווישן די גלעטשערס און די אַרויספֿאַלן, אָבער ערשט האָבן מיר געדאַרפֿט אַראָפּגיין פֿונעם קאַם ווו מיר שטייען. אויסשנײַדן טרעפּלעך מיטן אַדז, זײַנען מיר זײַטנדיק געגאַנגען אַרום דער באַסע פֿון אַ דאָלאָמײַט[291], וואָס פֿאַרשטעלט דעם בליק אויף צפֿון. דער זעלבער תּהום איז פֿאַר אונדז געלעגן. ווײַט אַוועק אויף צפֿון־מיזרח האָט דערשינען אַ שניי־שיפּוע וואָס וועט אפֿשר געבן אַ וועג אַראָפּ, זײַנען מיר צוריקגעגאַנגען באַרג־אַראָפּ אויפֿן לאַנגען שיפּוע, וואָס האָט אונדז געדויערט דרײַ שעה בײַם אַרויפֿגיין. מיר זײַנען אַראָפּ אין איין שעה. איצט האָבן מיר געפֿילט דעם אָנשטרענג פֿונעם ניט־געוויינטן מאַרשירן. מיר זײַנען קוים געגאַנגען צו פֿוס זינט יאַנואַר, די מוסקלען זײַנען געווען שוואַך. גייענדיק אַרום דעם פֿוס פֿונעם באַרג איבער אונדז, זײַנען מיר אָנגעקומען בײַ אַ ריזיקן בערגשרונד[292], אַ מײַל מיט אַ האַלב אין דער לענג און 1000 פֿוס אין דער טיף. די אומגעהײַערע גאָרע, אויסגעשניט אינעם שניי און אײַז פֿון די רציחהדיקע ווינטן וואָס בלאָזן אַרום דעם באַרג, איז געווען האַלב־קײַלעכדיק אין פֿאָרעם, האָט זיך געענדיקט אין אַ לינדן שיפּוע. מיר זײַנען דורך אים דורכגעגאַנגען, אונטערן טורעמדיקן אײַז־תּהום, און בײַם צווייטן עק האָבן מיר געהאַט נאָך אַ מאָלצײַט און אַ קורצן אָפּרו. דאָס איז געווען האַלב איינס נ"מ. אַ האַלבער טאָפּ פּאַרעדיקע באָוריל־ראַציע האָט אונדז אָנגעוואַרעמט, און דערנאָך בעת מיר מאַרשירן נאָך אַ מאָל זײַנען אײַז־שיפּועים מיט ווינקלען פֿון 45 גראַד ניט געווען אַזוי מוראדיק ווי פֿריִער.

נאָך אַ מאָל זײַנען מיר אַרויפֿגעגאַנגען ביזן קאַם. נאָך דעם צווייטן מאַטערדיקן אַרויפֿקריכן זײַנען מיר אָנגעקומען אויפֿן אויבן. דער שניי איז געלעגן אין אַ שיטערן שיכט אויף בלאָ אײַז אויפֿן קאַם, האָבן מיר געדאַרפֿט אויסשניטן

---

[289] razor-back: אַן ענגער קאַם.

[290] אויף ענגליש איז דאָס "outfalls", אָבער איך בין ניט זיכער, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אַן אָרויספֿאַל און אַ גלעטשער.

[291] "… a dolomite, …": "דאָלאָמײַט" איז אַ מין שטיין אָדער מינעראַל. דאָ מיינט ער מסתּמא אַ באַרג (אַ נונאַטאַק) פֿון דעם מינעראַל געפֿורעמט.

[292] bergshrund: אַ שפּאַרע צוקאָפּנס פֿון אַ גלעטשער, צווישן גלעטשער און באַרג.

טרעפּלעך די לעצטע פּופּציק יאַרדן. דער זעלבער תּהום איז אונטן געלעגן, האָב איך גאַקוקט אויף די פֿינגער, אומזיסט, צו געפֿינען אַ וועג אַראָפּ. די הייסע זון האָט לויז געמאַכט דעם שניי, וואָס איז איצט אין אַ פֿאַרפֿירערישער מצבֿ, האָבן מיר געדאַרפֿט גיין גאַנץ אָפּגעהיט. קוקנדיק צוריק האָבן מיר געקענט זען ווי אַ טומאַן קײַקלט זיך נעענטער הינטער אונדז, זיך געטראָפֿן אין די טאָלן מיט אַ טומאַן פֿון מיזרח. די קריכנדיקע וואָלקנס זײַנען געווען אַ קלאָרע וואָרענונג, אַז מיר מוזן אַראָפּקריכן איידער מיר זײַנען אין גאַנצן אײַנגעהילט געוואָרן.

דער קאַם איז באַשאָטן געווען מיט שפּיצן, האָבן מיר ניט געקענט קלאָר זען אָדער אויף רעכטס אָדער אויף לינקס. דער מצבֿ אין דעם פּרט האָט ניט אויסגעזען בעסער בײַ אַנדערע ערטער אין דער גרייך, האָב איך געדאַרפֿט באַשליסן אַז דער וועג ליגט צוריק פֿון וואַנען מיר זײַנען געקומען. דער נאָכמיטאָג איז ניט געשטאַנען, האָט דער טומאַן זיך אַרויפֿגעקײַקלט דראָענדיק פֿון מערבֿ. ס'איז אונדז דאָס וויכטיקסטע געווען, אַראָפּגיין אינעם אַנדעטן טאָל איידער ס'ווערט טונקל. מיר זײַנען איצט געווען אַרויף בײַ 4500 פֿיס אין דער הייך, בײַ נאַכט אַזוי אין דער הייך פֿאַלט די טעמפּעראַטור זייער ניקעריק. מיר האָבן ניט געהאַט קיין געצעלט, קיין שלאָפֿזעק, האָבן די קליידער פֿאַרטראָגן אַ סך שווערער באַניץ, דורכגעקומען דורך אַ סך שטורעמס במשך פֿון די לעצטע צען חדושים. אין דער ווײַטנס, אַראָפּ אינעם טאָל אונטן, האָבן מיר געקענט זען הײַפֿל־גראָז נאָענט צום ברעג, און אויב מיר האָבן געקענט אַראָפּגיין אַהין, וואָלט אפֿשר געווען מיגלעך אויסגראָבן אַ לאָך אין אַ נידעריקער שניי־קופּע, מאַכן אַן אונטערשלאַק מיט טרוקן גראָז, וואָלט געווען נישקשה באַקוועם אויף אַ נאַכט. איז, צוריק, און נאָך אַן אָנלייגוועג זײַנען מיר אָנגעקומען אויבן אויף אַן אַנדערן קאַם אינעם וואַקסנדיקן פֿינצטערניש. נאָך אַ בליק אויף דער צווייטער זײַט, האָב איך זיך געדרייט פּנים־אַל־באַזאָרגט־פּנים מיט די צוויי הינטער מיר, זיך אָנגערופֿן "קומט שוין, חבֿרה." אין ניט מער ווי אַ מינוט זײַנען זיי געשטאַנען לעבן מיר אויפֿן אײַז־קאַם. די אייבערפֿלאַך איז פֿאַר אונדז שטאָציק אַראָפּגעפֿאַלן, אָבער זי האָט זיך צונויפֿגעגאָסן אין אַ שניי־שיפּוע. מיר האָבן ניט געקענט קלאָר זען דעם אונטן צוליב דעם נעפּל און שלעכטער ליכט, און ס'איז אונדז אײַנגעפֿאַלן אַז ס'איז מיגלעך דער שיפּוע ענדיקט זיך אין אַ שטאָציקער סקאַלע; נאָר דער טומאַן וואָס קריכט נעענטער הינטער אונדז האָט ניט געגעבן קיין צײַט זיך צו וואַקלען. מיר זײַנען תּחילת פּאַמעלעך אַראָפּגעגאַנגען, אויסשניטנדיק טרעפּלעך אינעם שניי; דערנאָך איז די אייבערפֿלאַך ווייכער געוואָרן, אַ סימן אַז ס'ווערט ניט אַזוי שטאָציק. צוריקקערן איז איצט ניט געקומען אין באַטראַכט, האָבן מיר אָפּגעבונדן דעם שטריק און געגליטשט ווי אין די קינדעריאָרן. ווען מיר האָבן זיך

אָפּגעשטעלט אויף אַ שניי־קופּע צופֿוסנס פֿונעם שיפּוע, האָבן מיר געפֿונען אַז מיר זײַנען אַראָפּ מער ווי אַ 900 פֿוס אין אַ צוויי־דרײַ מינוט[293]. מיר האָבן צוריקגעקוקט, געזען די גראָע פֿינגער פֿונעם טומאַן באַווײַזן זיך אויפֿן קאַם, אַזוי ווי פּרוּוון כאַפּן אַרײַנדרינגערס אין דער ליידיקערווילדעניש. אָבער מיר האָבן זיך אַרויסגעדרייט.

---

[293] דאָ איז שעקלטאָן אַ ביסל באַשיידן אין דעם אופֿן פֿון אַן אָפֿיציעלן באַריכט. וואָרסלי גיט איבער די מעשׂה אַ ביסל אַנדערש (*Endurance*, פֿון F.A. Worsley, ז. 156):

שעקלטאָן האָט דעמאָלט אויסגעגראָבן אַ גרויס טרעפּל, זיך אויף אים אַוועגעזעצט. אַ פּאָר מינוטן האָט ער זיך פֿאַרטראַכט, און זיך אָנגערופֿן:

"איך האָב אַן אידעע. מיר דאַרפֿן גיין ווײַטער, אַבי וואָס זאָל ניט ליגן אונטן. גײַן ווײַטער אַזוי איז אוממיגלעך. מיר קענען ניט אויסשניטן טרעפּלעך אַראָפּ טויזנטער פֿיס."

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און קרין מיט מיר האָבן מיט אים מסכּים געווען. האָט ער געזאָגט ווײַטער:

"ס'איז טײַוולאָניש ריזיקאַליש, נאָר מיר מוזן אַ פּרוּוו טאָן. מיר וועלן זיך גליטשן."

אַראָפּגליטשן אויף וואָס איז שיִער ניט אַ תּהום, אינעם פֿינצטערניש, זיך צו טרעפֿן מיט – וואָס?

"נו, גוט," האָב איך געזאָגט אויף אַ קול, אפֿשר ניט זייער פֿריילעך, און קרין האָט נאָכגעזאָגט די ווערטער.

מיר האָט דאָס אויסגעזען ווי גאָר אַן אוממיגלעכער פּראָיעקט. די שיפּוע איז געווען גאָר תּהומיק, און אַ שטיין אין מיטן וועג – מיר וואָלטן אים קיין מאָל ניט געקענט זען אינעם פֿינצטערניש מיט צײַט גענוג אים אויסצומײַדן – וואָלט געמיינט אַן אומגליק אָן שום ספֿק. דאָך איז דאָס געווען דער איינציקער וועג. מיר האָבן שוין געהאַט אויסגעפֿאָרשט די אַלע דורכגאַנגען; צוריקגיין וואָלט געווען אומזיסט; אַחוץ דעם וואָלט אַזאַ פּרוּוו פֿאַרחתמעט דעם טויטאורטל ניט נאָר פֿאַר אונדז אַליין נאָר פֿאַר דער גאַנצע עקספּעדיציע. בלײַבן ווײַטער אויפֿן קאַם וואָלט געמיינט טויט אויף זיכער דורכן אײַנפֿרירן. אומזיסט דערפֿאַר צו טראַכטן וועגן אייגענער ריזיקע. אויב מיר שטאַרבן, ווייניקסטענס וואָלטן מיר געהאַט געטאָן אַלץ וואָס די כּוחות דערלויבט ראַטעווען די שיף־חבֿרה. שעקלטאָן איז גערעכט געווען. דער שאַנס אונדזערער איז געווען טאַקע גאָר אַ קליינער, נאָר מיר האָבן אים געדאַרפֿט אויפֿנעמען.

יעדער האָט אויפֿגעשפּולט זײַן טייל פֿונעם שטריק ביז ס'איז געווען ווי אַ פּלאַטפֿאָרמע, מיר זאָלן זיצן אויף איר צו מאַכן דעם גליסאַד אַראָפּ פֿון באַרג־שפּיץ. מיר האָבן זיך געיאָגט וויפֿל ס'איז מיגלעך, להוט דורכצוקומען דאָס אָפּקומעניש. שעקלטאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן גרויסן טרעפּל וואָס ער האָט אויסגעשניט, און איך הינטער אים, אים אײַנגעאָפּלט מיט די פֿיס און אים געהאַלטן אַרום האַלדז. קרין האָט דאָס זעלבע געטאָן מיט מיר, אַזוי אַז מיר זײַנען צונויפֿפֿאַרשליסן ווי איין קערפּער. דעמאָלט האָט שעקלטאָן אַ שטויס געגעבן.

ס'איז געווען אַזוי ווי מיר זײַנען אַרײַן אין דער לופֿטן. אויף אַ רגע זײַנען די האָר אויפֿגעשטאַנען. דעמאָלט גאָר פּלוצעמדיק האָב איך געפֿילט אַ גלי, האָט געוווּסט אַז איך שמייכל! איך האָב טאַקע הנאה געהאַט דערפֿון. שטאַרק אויפֿהײַטערנדיק. מיר האָבן אַראָפּגעשאָסן אויף דער זײַט פֿון אַ שיִער ניט תּהומעדיקן באַרג כּמעט איין מײַל אַ מינוט. איך האָב גשריגן מיט אויפֿרעגונג, האָט געהערט שעקלטאָן מיט קרין שרײַען אויך. ס'האָט געפֿילט לעכערלעך זיכער. אַ רוח אין די שטיינער!

דער שאַרפֿער שיפּוע האָט זיך אַ ביסל אויסגעגלײַכט צו דער פֿלאַך אונטן צו, און דעמעלט האָבן מיר אויף געוויס געוווּסט אַז מיר זײַנען בשלום דורכגעקומען. ביסלעכווײַז האָט זיך די גיכקייט פֿאַרפֿאַמעלעכט, האָבן מיר געענדיקט אונטן אין אַ קופּע שניי. מיר האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און זיך פֿײַערלעך געגעבן די הענט.

"מע זאָל דאָס ניט טאָן צו אָפֿט," האָט שעקלטאָן געזאָגט,פֿאַוואָליע. "דאַנקען גאָט אַז די ריזיקע איז דעמאָלט געווען כּדאַי."




13 בערכדיקע קאַרטע פֿון דער רוטע איבער די בערג

אויף מיזרח איז אַרויפֿגעגאַנגען אַ שניי־הויכלאַנד וואָס צעשייט די גלעטשערס אויפֿן צפֿונדיקן ברעג פֿון די מערבֿדיקע אַרויספֿאַלן. מיר האָבן געהאַט געזען פֿון אויבן אַז אונדזער קורס ליגט צווישן צוויי ריזיקע מאַסן שפּאַלטן, האָבן מיר געמיינט אַז דער וועג פֿאָרויס איז קלאָר. צוליב דער אָ מיינונג און דער וואַקסנדיקער קעלט האָבן מיר אָפּגעלאָזט אַבי וואָס פֿאַר אַן אידעע פֿון לאַגערן. מיר האָבן געגעסן נאָך אַ מאָלצײַט זעקס אַ זייגער נ"מ. אַ קליין ווינטל האָט געמאַכט צרות בײַם קאָכן ניט קוקנדיק אויפֿן אָפּדאַך פֿונעם שטעלן דעם קאָכער אין אַ לאָך. קרין איז געווען דער קוכער, האָבן איך און וואָרסלי זיך אַוועקגעלייגט ווינט־אַרויף פֿונעם לאָמפּ, מיר זאָלן אָפּשטעלן דעם ווינט מיט די קערפּערס. אויפֿגעגעסן, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן באַרג־אַרויף אויפֿן לאַנגען, לינדן שיפּוע. די נאַכט איז שוין אָנגעקומען, און אויף אַ שעה האָבן מיר זיך געטאָפּטשעט ווײַטער כּמעט אין שטאָק־פֿינצטערניש, קוקן אויף די פֿינגער אויף סימנים פֿון שפּאַלטן. דעמאָלט, נאָענט צו אַכט אַ זייגער נ"מ, האָט זיך אַ גלי וואָס מיר האַבן דערזען הינטער די געצאַקנטע שפּיצן אַרויסגעוויזן פֿאַר דער פֿולער לבֿנה, וואָס גײַט אויף פֿאַר אונדז און מאַכט אַ זילבערנעם דרך אונטער די פֿיס. אויף אָט דעם וועג, אינעם נאָכברויז פֿון דער לבֿנה, זײַנען מיר געגענגען פֿאָרויס אָן סכּנה, מיט די שאָטנס געוואָרפֿן פֿון די שפּאַלטן־קאַנטן שוואַרץ אויף ביידע זײַטן. ווײַטער און אַרויף דורך ווייכן שניי האָבן מיר מאַרשירט, זיך אָפּרוען פֿון צײַט צו צײַט אויף האַרטע שטחים וואָס זיי האָבן זיך אונדז באַוויזן דורכן פֿינקלען

פֿאַר אונדז אין דער ווײַסער ליכט. האַלב נאַכט זײַנען מיר נאָך אַ מאָל געווען בײַ 4000 פֿיס אין דער הייך. נאָך אַלץ זײַנען מיר נאָכגעגאַנגען נאָך דער ליכט, ווײַל בעת די לבֿנה דרייט זיך אַרום אויפֿן צפֿון־מיזרח, האָט זיך אונדזער רוטע געבייגט אין דער זעלבער ריכטונג. די פֿרײַנדלעכע לבֿנה האָט אויסגעזען ווי אַ פּילאָט פֿאַר אונדזערע מידע פֿיס. אַ בעסערער פֿירער האָט מען ניט געקענט געפֿינען. אויב מע טוט דעם דאָזיקן מאַרש אין מיטן העלן טאָג, וואָלט מען געפֿאָלגט די זעלביקע רוטע וואָס מיר די נאַכט.

האַלב נאַכט האָט אונדז געפֿונען נעענטער צום קאַנט פֿון אַ גרויסן שניי־פֿעלד, דורכטגעשטאָכן מיט איזאָלירטע נונאַטאַקס, וואָס וואַרפֿן לאַנגע שאָטנס ווי שוואַרצע טײַכן איבערן ווײַסן געשפּרייט. אַ לינדער שיפּוע אויף צפֿון־מיזרח האָט געצויגן די גאָר צו־ווילנקע פֿיס אין דער אָ ריכטונג. מיר האָבן געמיינט אַז צופֿוסנס פֿון אָט דעם שיפּוע איז געלעגן סטראָמנעס־בוכטע. נאָך דעם וואָס מיר זײַנען אַראָפּ אַ 300 פֿוס איז אַ דינער ווינט אויף אונדז אָנגעהויבן אָנצופֿאַלן. מיר זײַנען שוין געווען אין וועג דעמאָלט איבער צוואַנציק שעה, בלייבן שטיין נאָר צוליב די טיילמאָליקע מאָלצײַטן. דרימען וואָלקנס האָבן זיך געיאָגט איבער די הויכע שפּיצן אויף דרום, אַ וואָרענונג אַז דער ווינט און שניי קערן קומען. נאָך איינס אַ זייגער פֿ"מ האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ גריבל אינעם שניי, אָנגעקויפּט לויזן שניי אַרום, און אָנגעצונדן דעם פּרימוס נאָך אַ מאָל. דאָס הייסע עסן האָט אונדז געגעבן נאָך אַ באַנײַונג פֿון כּוח. וואָרסלי און קרין האָבן געזונגען זייערע אַלטע לידער בעת דער פּרימוס קאָכט פֿריילעך. אַ געלעכטער איז געווען אויף די האַרצן, אָבער ניט אויף די אויסגעטריקנטע און צעשפּאַלטענע ליפּן.



14 פּאַנאָראַמאַ פֿון דרום־דזשאָרדזשע

מיר זײַנען אויפֿגעשטאַנען, זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן אין ניט מער ווי אַ האַלבע שעה, נאָך אַלץ באַרג־אַראָפּ צום ברעג צו. מיר זײַנען שיִער ניט זיכער

איצט, אַז מיר זײַנען איבער סטראָמנעס־בוכטע. אַ טונקעלער חפֿץ צופֿוסנס פֿונעם שיפֿוע האָט אויסגעזען ווי שעפּסנס־אינדזל[294], וואָס געפֿינט זיך לעבן הוסוויק. ס'דאַכט זיך מיר, אַז דער באַגער האָט אויפֿגעמונטערט די פֿאַנטאַזיע[295], ווײַל מיר האָבן אָנגעוויזן אויף אַלערלײַ אָריענטירן אַנטפּלעקט אין דער איצט וואַלגערנדיקער ליכט פֿון דער לבֿנה, וועמענס פֿרײַנדלעך פּנים איז מיט וואָלקנס פֿאַרשלײַערט געוואָרן. די הויכע האָפֿענונגען זײַנען גיך געווען אַראָפּ. שפּאַלטן האָבן אונדז געוואָרנט אַז מיר זײַנען אויף נאָך אַ גלעטשער, און באַלד האָבן מיר אַראָפּגעקוקט כּמעט ביזן ים־עק פֿון דער גרויסע, צעריסענע מאַסע אײַז. איך האָב געוווּסט אַז ס'איז ניטאָ קיין גלעטשער אין סטראָמנעס, האָב איך אײַנגעזען, אַז דאָס דאַרף זײַן פֿאָרטונע־גלעטשער[296]. גאָר אַ שווערע אַנטוישונג. צוריק האָבן מיר זיך געדרייט, געטאָפּטשעט אַרויף אויפֿן גלעטשער נאָך אַ מאָל, ניט פּונקט ווי פֿריִער, נאָר אויף אַ טאַנגענט אויף דרום־מיזרח. מיר זײַנען געווען אויסגעמאַטערט.

פֿינף אַ זייגער פֿ"מ זײַנען מיר געווען צופֿוסנס פֿון די שטיינערנע אונטערשפּיצן פֿון דער קייט. מיר זײַנען מיד געווען, דורכגעקילט דורכן ווינט בלאָזנדיק אַראָפּ פֿון אויבן. מיר האָבן באַשלאָסן אונטערצוקריכן ווינט־אַראָפּ פֿון אַ שטיין, זיך אָפּצורוען אַ ביסל. מיר האָבן אַוועקגעלייגט די שטעקנס מיטן אַדז אויפֿן שניי, זיך אויף זיי אַוועקגעזעצט וואָס נעענטער איינער דעם אַנדערן, און זיך אַרומגענומען. דער ווינט האָט געבראַכט אַ ביסל דרייף מיט זיך, איז דער ווײַסער שטויב געלעגן אויף די קליידער. איך האָב געמיינט, אַז מיר קענען אפֿשר בלײַבן וואַרעם, זיך אָפּרוען אַזוי אויף אַ העלבער שעה. אין ניט מער ווי איין מינוט זיינען די צוויי באַלייטערס טיף אַנטשלאָפֿן געוואָרן. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז ס'וואָלט געווען אַן אומגליק, זאָלן מיר אַלע שלאָפֿן, מחמת דאָס שלאָפֿן אין די צושטאַנדן גייט אַריבער אויף טויט. נאָך פֿינף מינוט האָב איך זיי געטרייסלט ביז אויסגעטשוכעט, זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן געשלאָפֿט אַ העלבע שעה, געהייסן גיין איבער אַ נייס. מיר זיינען אַזוי שטײַף געווען, אַז מיר האָבן מאַרשירט מיט אויסגעבויגענע קניען די ערשטע צוויי־דרײַ הונדער יאַרדן. אַ געצאַקנטע ריי שפּיצן מיט אַ ריס ווי אַ צעבראָכענעם צאָן איז פֿאַר אונדז געשטאַנען. אָט דאָס איז געווען דער קאַם וואָס פֿירט אויף דרום פֿון פֿאָרטונע־בוכטע, און אונדזער רוטע אויף מיזרח קיין סטראָמנעס פֿירט אַריבער אים. אַ זייער שטאָציקער שיפּוע האָט געפֿירט אַרויף ביזן קאַם, האָט אַן אײַזיקער ווינט געבלאָזן דורכן ריס.

[294] Mutton Island

[295] אַ משל, ווי מע זאָגט, פֿון "נאַוויגאַציע דורך הלוואַי־געדאַנק"

[296] Fortuna Glacier

מיר זײַנען דורך אָט דעם ריס זעקס אַ זייגער פ"מ מיט באַזאָרגטע האַרצן פֿאַר אַ צוגאָב צו די אויסגעמאַטערטע קערפּערס. אויב דער קעגנדיקער שיפֿוע זאָל זיך באַווײַזן פֿאַר ניט דורכצוגיין, וואָלט די מצבֿ גאָר פֿאַרצווייפֿעלט געוואָרן, נאָר דאָס ערגסטע איז פֿאַר אונדז דאָס בעסטע געוואָרן. די קרומע שטיינערנע פֿאָרעמס, ווי כוואַליעס, בײַ הוסוויק־האַוון האָבן זיך פּונקט פֿאַר אונדז באַוויזן בעת ס'קומט אָן דער באַגינען. אָן שום ווערטער האָבן מיר זיך געגעבן די הענט. בײַ אונדז איז די נסיעה שוין פֿאַרטיק געווען, כאָטש אין דער אמתן האָבן מיר געדאַרפֿט אַריבערגיין איבער נאָך צוועלף מײַל שווער גיין. אַ לינדער שניי־שיפּוע איז אַראָפּגעגאַנגען באַרג־אַראָפּ פֿאַר די פֿיס, ביז אַ טאָל וואָס צעשייט אונדזער קאַם פֿון די בערגלעך נאָענט הינטער הוסוויק, און בעת מיר שטייען דאָרט, גאַפֿן, האָט זיך וואָרסלי פֿײַערלעך אָנגערופֿן, "שעף, ס'איז קוים צו גלייבן!" מיר זײַנען אַראָפּ, באַלד אָפּגעשטעלט געוואָרן פֿון אַ בליק אויף וואַסער מיט 2500 פֿיס אונטן. מיר האָבן געקענט זען די קליינע כוואַליע־רונצלען אויף דער שוואַרצער פּלאַזשע, פּענגווינען מאַרשירן שטײַף אַהין און צוריק, שוואַרצע חפֿצים וואָס זעען אויס ווי ים־הינט וואַלגערן זיך פֿויל אויפֿן זאַמד. אָט דאָס איז געווען אַ מיזרחדיקע צווײַג פֿון פֿאָרטונע־בוכטע, צעשיידט דורכן קאַם פֿון דער צווײַג וואָס מיר האָבן דערזען אונטן אין דער נאַכט. דער שיפֿוע וואָס מיר גייען אים איבער איצט, האָט אויסגעזען זיך צו ענדיקן אין אַ תּהום איבער אָט דער פּלאַזשע. נאָר שוועריקייטן אויף דער לעצטער סטאַדיע פֿון דער נסיעה האָבן ניט געקענט פֿאַרשוואַכן אונדזער גרינג געמיט, האָבן מיר זיך געלאַגערט פֿריילעך אויף אַ ביסל פֿרישטיק. בעת וואָרסלי און קרין גראָבן אויס אַ לאָך פֿאַרן לאָמפּ און צינדן אָן דעם קאָכער, בין איך אַרויף אויף אַ קאַם איבער אונדז, אויסשנײַדן טרעפּלעך מיטן אַדז, כּדי צו קריגן אַן אויסבליק אויפֿן לאַנד אונטן. האַלב זיבן פ"מ האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב דערהערט אַ דאַמף־סווישטש. איך האָב ניט געקענט זײַן זיכער, נאָר איך האָב געוווּסט, אַז צו דער צײַט מער־ווייניקער האָט מען געגרופֿן די מענטשן בײַ דער וואַלפֿיש־סטאַנציע פֿון די געלעגערס. בין איך אַראָפּגעגאַנגען צוריק אין לאַגער און דערציילט דאָס די אַנדערע, און מיט שטאַרקער אויפֿרעגונג האָבן מיר געקוקט אויפֿן קראָנאָמעטער ביז זיבן אַ זייגער, ווען מע רופֿט די וואַלפֿישערס אויף דער אַרבעט. פּונקט דעמאָלט האָט זיך געלאָזט הערן דער דאַמפֿ־סווישטש, געטראָגן בולט אויפֿן ווינט איבער די צווישנווײַליקע מײַלן פֿון שטיין און שניי. קיין מאָל האָבן מיר ניט געהערט קיין זיסערע מוזיק. דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַנג געמאַכט פֿון אַן אַנדער בן־אָדם אין די אויערן אונדזערע זינט מיר זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿון סטראָמנעס־בוכטע דעצעמבער 1914. דער אָ פֿײַף האָט אונדז געזאָגט, אַז מענטשן וווינען נאָענט, שיפֿן זײַנען גרייט, און אין ניט מער ווי אַ געציילטע פּאָר שעהען וועלן מיר שוין אין וועג אַרײַן קיין העלפֿאַנד־אינדזל

ראַטעוועז די לײַט וואָס וואַרטן דאָרט אונטערן אויג פֿון ווילדן. אַ רגע וואָס מע קען קוים באַשרײַבן. ווייטיק און יסורים, שיפּל־נסיעות, טאָפּטשען, הונגער, מידקייט האָבן אַלע אויסגעזען ווי זיי געהערן צו אַ לימבאָ פֿון פֿאַרגעסענע זאַכן, און איצט בלײַבט אונדז די שלמותדיקע באַפֿרידיקונג פֿון עפּעס אויפֿגעטאָן.

דער קוק אויפֿן לאַנד פֿון אויבן האָט ניט געגעבן קיין באַשטימטע ידיעות, און ווען איך בין נאָך אַ מאָל אַראָפּ, האָב איך דערציילט וואָרסלי און קרין ווי ס'טוט זיך דאָ. דער באַשיימפּערלעכער וועג פֿירט באַרג־אַראָפּ אויף אַ שניי־שיפּוע אין דער ריכטונג פֿון הוסוויק. "בחורים," האָב איך געזאָגט, "ס'זעט אויס אַז אָט דער שניי־שיפּוע ענדיקט זיך אין אַ תּהום, אָבער אפֿשר איז ניטאָ קיין תּהום. אויב מיר גייען ניט אַראָפּ, מוזן מיר גיין אויף אַ זײַט פֿינף מײַל אָדער מער, איידער מיר קומען אָן בײַ גלײַכן גיין. וואָס זאָגט איר?" ביידע האָבן תּיכּף געענטפֿערט, "לאָמיר פּרוּוון מיטן שיפּוע." איז מיר האָבן זיך נאָך אַ מאָל געלאָזט אין וועג אַרײַן באַרג־אַראָפּ. מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם פּרימוס, שוין ליידיק, בײַם פֿרישטיק־לאַגער, מיטגעבראַכט מיט אונדז צו איין ראַציע מיט אַ ביסקוויט. דער טיפֿסטער שניי וואָס מיט האָבן ביז איצט געטראָפֿן האָט פֿאַרלייגט די פֿיס, נאָר מיר האָבן זיך אַראָפּגעטאָפּטשעט, און נאָך אַ 500 פֿוס אַראָפּ, ד"ה 2000 פֿיס איבערן ים, האָבן מיר געמײַנט אַז דער וועג איז קלאָר פֿאָרויס. אַ שטאָציקער אַראָפּגאַנג פֿון בלאָ אײַז איז געווען די נאָענסטע מניעה פֿאַר אונדז. וואָרסלי און קרין האָבן זיך פֿעסט אַוועקגעשטעלט אין אַ לאָך אויסגעגראָבן מיטן אַדז, האָבן מיך אַראָפּגעלאָזט, בעת איך שניט אויס טרעפּלעך ביז איך קום אָן בײַם עק פֿונעם 50-פֿוס אַלפּין־שרטיק. דעמאָלט האָב איך גאַמאַכט אַ לאָך גענוג גרויס פֿאַר אונדז דרײַ, זײַנען די צוויי אַנדערע אַראָפּ מיט די טרעפּלעך. מײַן עק פֿונעם שטריק איז צוגעבונדען געוואָרן צום אַדז, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אינעם לאָך, זיך געשטאַרקט טאָמער זיי גליטשן זיך אויס. ווען מיר זײַנען אַלע געווען אין צווייטן לאָך, בין איך נאָך אַ מאָל אַראָפּ, אויסגראָבנדיק טראַפּלעך, און אין אַזאַ פֿאַרמאַטערנדיקן אופֿן האָבן מיר פֿאַרבראַכט צוויי שעה, אַראָפּ אַ 500 פֿוס. אויפֿן האַלבן וועג אַראָפּ האָבן מיר זיך געדאַרפֿט נעמען קוואַר אויף לינקס, ווײַל מיר האָבן באַמערקט אַז די שטיקלעך אײַז אַרויסגעלאָזט מיטן אַדז האָבן אַ שפּרונג געגעבן אין דער לופֿטן צופֿוסנס פֿונעם שיפּוע. מיט דער צײַט זײַנען מיר אַראָפּ פֿונעם שטאָציקן אײַז, זייער דאַנקבאַר, בײַ אַ פּונקט ווו עטלעכע שטיינער שטעקן זיך אַרויס, האָבן מיר געקענט זען אַז ס'איז טאַקע געווען אַ סכּנהדיקער תּהום פּונקט אונטערן אָרט ווו מיר האָבן אָנגעהויבן מיט די טרעפּלעך. אַ רוק אַראָפּ אויף אַ גליטשיקן שיפּוע, דער אַדז און קאָכער פֿאָרויס, האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם אָ אַראָפּגאַנג, און אַגבֿ שטאַרק אויסגעריבן די האַרט־געניצטע הויזן.

ווען מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן אונטן זײַנען מיר געווען ניט מער ווי 1500 פֿוס איבערן ים. דער שיפּוע איז לפֿי־ערך גרינג געווען. וואַסער איז געלאָפֿן אונטערן שניי, מאַכן "קעשענעס" צווישן די שטיינער וואָס שטעקן אַרויס איבער דער ווײַסער אייבערפֿלאַך. די שאָלן פֿון שניי איבער די דאָזיקע קעשענעס זײַנען געווען פּאַסטקעס פֿאַר די פֿיס, אָבער מיר האָבן זיך אַראָפּגעדראַפּעט, און באַלד זײַנען מיר אָנגעקומען בײַ שטחים הײַפֿל־גראָז. מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער זײַנען מיר דערגאַנגען ביז דער זאַמדיקער פּלאַזשע. די שפּורן פֿון עטלעכע חיות האָבן זיך דערזען, וואָס איז אונדז אַ רעטעניש ביז איך האָב געדענקט אַז מע האָט אַ מאָל רעניפֿערן געבראַכט פֿון נאָרוועגיע צום אינדזל, האָבן זיי איצט געגרייכט פּאַזע דער נידעריקער יבשה אויפֿן מיזרחדיקן ברעג. מיר האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט אויסצופֿאָרשן. די מוחות אונדזערע זײַנען פֿעסט געווען, מיר זאָלן אָנקומען בײַ די ערטער פֿון מענטשן, און מיר זײַנען אַזוי גיך ווי מיגלעך פּאַסע דער פּלאַזשע געגאַנגען ביז אַן אַנדער אויפֿהייבנדיקן קאַם פֿון הײַפֿל־גראָז. דאָ האָבן מיר געזען די ערשטע סימנים פֿון דער נאָענטקייט פֿון מענטשן, וועמענס אַרבעט, ווי אָפֿט מאָל, איז געווען אַ צעשטערונג. אַן אַנומלט־דערהרגעטער ים־הונט איז דאָרט געלעגן, און באַלד האָבן מיר געזען עטלעכע אַנדערע קערפּערס מיט סימנים פֿון קוילן־וווּנדן. איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז מענטשן פֿון דער וואַלפֿיש־סטאַנציע פֿאָרן אַרום אַ מאָל אין פֿאָרטונע־בוכטע מיטן שיפֿל דערשיסן ים־הינט.

האַלבער טאָג האָט אונדז געפֿונען ווײַט אַרויף אויפֿן שיפּוע אויף דער אַנדערער זײַט פֿון דער בוכטע, גייענדיק מיזרח־דרום־מיזרח, און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער זײַנען מיר אויף אַ גלײַכן פּלאַטאָ, מיט נאָך איין קאַם איבערצוגיין איידער מיר גיין אַראָפּ קיין הוסוויק. איך בין געגאַנגען פֿאָרויס איבער דעם דאָזיקן פּלאַטאָ ווען איך האָב זיך פּלוצעם געפֿונען ביז די קניען אין וואַסער, גיך אַראָפּזינקען טיפֿער דורך דער שניי־סקאָרע. איך האָב זיך אַראָפּגעוואָרפֿן, געהייסן די אַנדערע זאָלן טאָן דאָס זעלבע, כּדי צו פֿאַרשפּרייטן דעם וואָג איבער דער פֿאַרפֿירערישער אייבערפֿלאַך. מיר זײַנען געווען אויף אַ קליין אָזערל, באַדעקט מיט שניי. נאָך אַ פּאָר מאָמענטן ליגן שטיל, זײַנען מיר אויפֿגעשטאַנען, געגאַנגען דעליקאַט, ווי אגג[297], 200 יאַרדן, ביז אַן אויפֿהייב אין דער אייבערפֿלאַך האָט באַוויזן אַז מיר זײַנען אַוועק פֿון דער אָזערע.

האַלב צוויי נ"מ האָבן מיר אַרומגעקלעטערט אַרום אַ לעצטן קאַם און האָט געזען אַ קליינעם דאַמפֿער, אַ וואַלפֿיש־שיפֿל, וואָס פֿאָרט אין דער בוכטע אַרײַן מיט 2500 פֿיס אונטן. מיט אַ פּאָר רגעס שפּעטער, אַז מיר אײַלן זיך פֿאָרויס,

---

[297] Agag: דער מלך פֿון די עמלקים (זעט I שמואל 32:xv)

האָבן די מאַסטן פֿון אַ זעגל־שיף בײַ אַ ווערף געלאָזט זיך זען. פּיצינקע געשטאַלטן וואָס וואַלגערן זיך צווישן די שיפֿלעך האָבן זיך אונדז געוואָרפֿן אין די אויגן, און דעמאָלט האָבן מיר דערזען די שטעלכלעך און פֿאַבריק פֿון דער
סטראָמנעס־וואַלפֿיש־סטאַנציע. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיך געגעבן די הענט, אַ מין אַנאַנדיקער מזל־טובֿ וואָס איז געווען פּאַסיק פֿיר מאָל פֿריִער במשך פֿון דער עקספּעדיציע. ערשטנס דאָס לאַנדן אויף העלפֿאַנד־אינדזל; צווייטנס דאָס אָנקום בײַ דרום־דזשאָרדזשע; דריטנס ווען מיר האָבן דעגרייכט ביזן קאַם און געזען דעם שניי־שיפּוע צעבנדיק זיך אונטן בײַם ערשטן טאָג פֿון איבערגיין די בערג; און דערנאָך ווען מיר האָבן געזען די שטיינער בײַ הוסוויק.[298]

פּאַוואָליע האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן באַרג־אַראָפּ אויפֿן שיפּוע וואָס פֿירט ביז וואַרעמקייט און באַקוועמלעכקייט. דער לעצטער עטאַפּ פֿון דאָר נסיעה האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַן אויסערגעוויינטלעכער שווערער. אומזיסט האָבן מיר געזוכט נאָך אַ זיכערן וועג, אָדער מער־ווייניקער אַ זיכערן, אַראָפּ אויף דער שטאָציקער פֿאַרײַזיקטער באַרג־זײַט. דער איינציקער וועג האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן אַ קאַנאַל געשניט פֿון וואַסער וואָס שטראָמט אַראָפּ פֿונעם הויכלאַנד. אַראָפּ דורכן אײַזיקן וואַסער זײַנען מיר נאָכגעגאַנגען נאָכן גאַנג פֿון דער דאָזיכר ריטשקע. מיר זײַנען געווען דורכגעווייקט ביז דער טאַליע, ציטערנדיק, קאַלט, און אויסגעמאַטערט. באַלד האָט זיך געלאָזט הערן אַ ניט־אָנגעלייגטער קלאַנג, וואָס וואָלט געווען מוזיקאַליש אין אַנדערע באַדינגונגען. ס'איז געווען דער פּליושק פֿון אַ וואַסערפֿאַל, און מיר זײַנען בײַם ניט־ריכטיקן עק. ווען מיר זײַנען אָנגעקומען בײַם אויבן פֿונעם פֿאַל, האָבן מיר אַראָפּגעקוקט פֿאָרזיכטיק און דערזען אַן אַראָפּהאַנג פֿון אַ 30-25 פֿוס מיט ניט דורכצוגיינדיקע אײַז־סקאַלעס אויףביידע זײַטן. אַרויפֿגיין נאָך אַ מאָל איז גאָר ניט געקומען אין באַטראַכט, ווײַל מיר זײַנען אַזוי גאָר אויסגעמאַטערט. דער וועג אַראָפּ איז געלעגן דורכן וואַסערפֿאַל אַליין. מיר האָבן פֿאַרבונדן איין עק פֿונעם שטריק צו אַ שטיין, וואָס איז ניט גרינג געווען, מחמת די שטיינער זײַנען געווען געשליפֿענע צוליב דעם שטראָמענדיקן וואַסער. דערנאָך האָבן איך און וואָרסלי אַראָפּגעלאָזט קרין, וואָס איז געווען דער שווערסטער. איז ער אין גאַנצן פֿאַרשווונדן געוואָרן אינעם פֿאַלנדיקן וואַסער, אַרויסגעקומען אונטן אַ סאַפּענדיקער. איך בין דער צווייטער געגאַנגען, זיך אַראָפּגעגליטש אויפֿן שטריק, און וואָרסלי, דער לײַכסטער און פֿלינקסטער פֿון אונדז, איז דער לעצטער אַראָפּ. צופֿוסנס פֿונעם פֿאַל האָבן מיר נאָך אַ מאָל געקענט שטיין אויף טרוקענער יבשה. דער שטריק איז ניט צו קריגן

[298] טאַקע! די מעשׂה פֿון דער גאַנצער עקספּעדיציע איז געווען אַ ריי פֿון זאָגן "דאַנקען גאָט" און פּונקט דערנאָך — "אוי, איצט וואָס דאַרפֿן מיר טאָן?"

געווען. מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן דעם אַדז פֿון אויבן און דערצו די לאָגהעפֿט און דעם קאָכער אײַנגעוויקלט אין איינעם אַ העמד. דאָס איז געווען אַלץ, אַחוץ די נאַסע קליידער, וואָס מיר האָבן מיט זיך אַרויסגעבראַכט פֿונעם אַנטאַרקטיק, ווו מיר זײַנען געהאַט אָנגעקומען מיט אַ יאָר מיט אַ האַלב צוריק, אין אַ געזונטער שיף[299], דאָס גאַנצע געצײַג, און הויכע האָפֿענונגען. דאָס איז געווען אַלץ וואָס שייך ממשתדיקע זאַכן, נאָר אין זכרונס זײַנען מיר רײַך געווען. מיר האָבן דורכגעדרונגען דעם פֿאַניר פֿון דרויסנדיקע זאַכן. מיר האָבן "געליטן, געהונגערט, און מנצח געווען, אונטערגעקראָכן נאָר זיך אָנגעכאַפּט אין גדולה, גרעסער געוואָרן אין דער גרויסקייט פֿון דער גאַנצהייט."[300] מיר האָבן געזען גאָט אין זײַן גדולה, געהערט דעם טעקסט וואָס די נאַטור שרײַבט אָן. מיר האָבן דערגרייכט ביז דער נאַקעטער נשמה פֿון אַ מענטש.

[טאַקע אַ רירנדיקע רגע – נאָך די דרײַ נסים, וואָס יעדער איינער פֿון זיי האָט אין דער אמתן געזאָלט זײַן פֿאַטאַל פֿאַר אַלע, זײַנען זיי ערשט פֿאַרטיק![301] געדענקט אויך אַז זיי האָבן קיינעם ניט געזען מחוץ דער אייגענער כאַליאַסטרע, אין מער ווי 18 חדשים: פֿונעם 5טן דעצעמבער 1914 ביז דעם 20סטן מײַ 1916]

ציטערנדיק מיט קעלט, נאָר מיט לײַכטע האַרצן, פֿריילעכע, זײַנען מיר אין וועג אַרײַן צו דער וואַלפֿישערײַ צו, איצט ניט מער ווי אָנדערהאַלבן מײַלן ווײַטער. די שוועריקייטן פֿון דער נסיעה זײַנען שוין הינטער אונדז געווען. מיר האָבן אַ פּרווו געטאָן, זיך אויסצוגלײַכן, מחמת דער געדאַנק אַז אפֿשר זײַנען דאָ פֿרויען בײַ דער פֿישערײַ האָט אונדז פּײַנלעך וויסיק געמאַכט פֿון אונדזער ווילדע אויסזע. די בערד זײַנען לאַנג געווען, די האָר ברודיק. מיר זײַנען געווען קויטיקע, געטראָגן די זעלביקע קליידער כּמעט אַ גאַנץ יאָר, אויסגעריבענע און באַפֿלעקטע. מע האָט זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן דרײַ ערגערע כוליגאַנעס. וואָרסלי האָט געפֿונען עטלעכע אַגראַפֿקעס פֿון ערגעץ אין די מלבשים און זיך אַ ביסל פֿאַרלאַטעט, וואָס איז נאָר אונטערגעשטראָכן ווי צעריסן ער איז אין אַלגעמיין. באַרג־אַראָפּ האָבן מיר זיך געיאָגט, און גאַנץ נאָענט צו דער סטאַנציע האָבן מיר אָנגעגעגנט צוויי קליינע ייִנגלעך, אַלט אַ יאָר צען־צוועלף. איך האָב די דאָזיקע יונגען געפֿרעגט ווו געפֿינט זיך דעם פֿאַרוואַלטערס הויז. האָבן זיי ניט געענטפֿערט. זיי האָבן אויף אונדז איין קוק געטאָן – איין פֿולשטענדיקער קוק איז גונוג געווען, האָבן זיי גענומען די פֿיס אויף די פּלייצעס, וואָס גיכער אַנטלאָפֿן. מיר זײַנען דערגאַנגען ביזן זוים פֿון דער סטאַנציע, דורכגעגאַנגען דורכן

---

[299] … a well-found ship

[300] פֿון The Call of the Wild פֿון Jack London.

[301] געדענקט נאָר אַז מע ווייסט גאָר ניט וואָס איז דער מצבֿ, וואָס טוט זיך, מיט די 22 מענטשן איבערגעלאָזט אויף העלפֿאַנד־אינדזל; זעט אונטן.

"פֿאַרדײַען־הויז"[302], וואָס איז געווען פֿינצטער אינעווייניק. אַרויסקומען בײַם צווייטן עק האָבן מיר באַגעגענט אַ זקן, וואָס האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט דערזען דעם שׂטן אַליין, און האָט ניט געוואַרט אויף קיין פֿראַגעס, נאָר איז תּיכּף אַנטלאָפֿן. ניט קיין פֿרײַנדלעכער גרוס. דערנאָך זײַנען מיר אָנגעקומען בײַ דער ווערף, ווו דער ממונה בלײַבט בײַ דער אַרבעט. איך האָב אים געפֿרעגט צי מ"ר סאָרלע[303] (דער פֿאַרוואַלטער) איז דאָ אינעם הויז.

"יאָ," האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט אויף אונדז געגלאָצט.

"מיר וואָלטן וועלן אים זען," האָב איך געזאָגט.

"ווער זײַט איר?" האָט ער געפֿרעגט.

"מיר האָבן פֿאַרלוירן די שיף און זײַנען אַריבערגעקומען איבערן אינדזל," האָב איך געענטפֿערט.

"איר זײַט אַריבערגעקומען איבערן אינדזל?" האָט ער געזאָגט, ווי ער האָט גאָר ניט געקענט גלייבן די אויערן.

ער איז צוגעגאַנגען צום פֿאַרוואַלטערס הויז, זײַנען מיר נאָך אים נאָכגעגאַנגען. איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט אַז ער האָט מ"ר סאָרלען געזאָגט "ס'זײַנען דאָ דרײַ מאָדנע מענטשן אין דרויסן, וואָס זיי זאָגן אַז זיי זײַנען אַריבערגעקומען איבערן אינדזל און זיי קענען אײַך. איך האָב זיי געלאָזט אין דרויסן." גאָר אַ נייטיק באַוואָרעניש פֿון זײַן קוקווינקל.

מ"ר סאָרלע איז אַרויסגעקומען בײַ דער טיר און געזאָגט, "נו?"

"קענט איר מיך ניט?" האָב איך געזאָגט.

"איך דערקען דאָס קול," האָט ער געענטגערט ספֿקדיק. "איר זײַט דער אונטער־אָפֿיציר[304] פֿון דער *מאַרגאַריטקע*[305]."

"איך הייס שעקלטאָן," האָב איך געזאָגט.

תּיכּף האָט ער אַרויסגעשטעקט די האַנט און געזאָגט, "קומט אַרײַן. קומט אַרײַן."

"זאָגט מיר, ווען האָט זיך געענדיקט די מלחמה?[306] " האָב איך געפֿרעגט.

---

[302] "digestion-house": אַ טייל פֿון דער פֿאַבריק, ווו טראָן איז געביטן געוואָרן אין אייל (אַזוי מיין איך).
[303] Mr.[Thoralf] Sørlle, אַ נאָרוועגער.
[304] mate
[305] The *Daisy*
[306] די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן פּונקט ווען די עקספּעדיציע איז ערשט אָפּגעפֿאָרן פֿון ענגלאַנד.

"די מלחמה גייט ווײַטער," האָט ער געענטפֿערט. "מיליאָנען זײַנען דערהרגעט געוואָרן. אייראָפּע איז משוגע. די וועלט איז משוגע."

מ"ר סאָרלעס הכנסת־אורחים איז געווען אָן אַ שיעור. ער האָט קוים געוואַרט ביז מיר האָבן אויסגעטאָן די פֿרירנדיקע שטיוול איידער ער האָט אונדז געפֿירט אין הויז אַרײַן, אונדז אַוועקגעזעצט אין אַ וואַרעם, באַקוועם צימער. מיר זײַנען אין קיין פּאַסנדיקער מצבֿ ניט געווען זיך אַוועקצוזעצן אין אַבי וועמענס הויז, איידער מיר האָבן זיך אָפּגעוואַשט און אָנגעטאָן זויבערע קליידער, נאָר די גוטהאַרציקייט פֿונעם סטאַנציע־פֿאַרוואַלטער איז שטאַרקער געווען פֿון דער פּריקרעקייט אין בלײַבן אינעם זעלביקן צימער מיט אונדז.[307] ער האָט אונדז געגעבן קאַווע און לעקעכער אַלאַ דער נאָרוועגישער שטייגער, און דערנאָך אונדז אויבן געפֿירט אינעם וואַשצימער, וווּ מיר האָבן אַוועקגעוואָרפֿן די שמאַטעס און זיך לוקסוסדיק אויסגעשײַערט.

***

[דערווײַל האָט מ"ר סאָרלע אַרויסגעשיקט אַ וואַלפֿיש־שיף אַהערצוברענגען די דרײַ מענטשן וואָס וואַרטן נאָך אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם אינדזל. וואָרסלי איז מיט דער שיף מיטגעפֿאָרן (שעקלטאָן דערווײַל האָט אָנגעהויבן מאַכן פּלענער צו ראַטעווען די 22 מענטשן נאָך אַלץ אויף העלפֿאַנד־אינדדל); די דרײַ מענטשן האָבן תּחילת ניט דערקענט וואָרסלין, אָן דעם געוויינטלעכן שמוץ. באַלד זײַנען די אַלע זעקס צוזאַמען געווען, אָפּגערוט, אויסגעוואַשט.]

אין אָוונט האָט דער פֿאַרוואַלטער געזאָגט סער ערנעסט אַז עטלעכע אַלטע קאַפּיטאַנען און מאַטראָסן ווילן מיט אונדז רעדן, דריקן אונדז די האַנט. מיר זײַנען אַרײַן אין אַ גרויסן, נידעריקן צימער, פֿול מיט קאַפּיטאַנען, אונטער־אָפֿיצירן, און מאַטראָסן, אַ טומאַן מיט טאַביקע־רויך. אַ דרײַ־פֿיר ווײַס־האָריקע ים־וועטעראַנען זײַנען פֿאָרויסגעקומען; איינער האָט גערעדט אויף נאָרוועגיש, האָט דער פֿאַרוואַלטער דאָס איבערגעזעצט. ער האָט געזאָגט אַז ער איז געווען אויפֿן ים איבער פֿערציק יאָר, אַז ער האָט אינטים געקענט אָט דעם שטורעמדיקן דרום־אָקעאַן, פֿון דרום דזשאָרדזשע ביז קאַפּ־האָרן, פֿון העלפֿאַנד־אינדזל ביז די דרום־אָרקניס[308], און ער האָט קיין מאָל ניט געהערט פֿון אַזאַ ווונדערלעכן אויפֿטו פֿון העלדיש מאַטראָסנשאַפֿט[309], ווי דאָס ברענגען אַ 22-פֿוס אָפֿן שיפֿל פֿון העלפֿאַנד־אינדזל ביז צום דרום־דזשאָרדזשע, און אויב דאָס איז וויייניק, דערצו

[307] סער ערנעסט האָט געבעטן סאָרלען ער זאָל אונדז פֿאָטאָגראַפֿירן, האָט ער אָבערן צום באַדויערן ניט קיין פֿילם ניט געהאַט, אַ שאָד, וואָס עס פֿעלט דער וועלט אַ בילד פֿון אירע דרײַ קוויטיקסטע מענטשן. (*Shackleton’s Boat Journey* פֿון F. A. Worsley, ז. 213)

[308] the South Orkneys

[309] seamanship

אַריבערגיין איבערן אײַז און שניי און שטיינערנע הייכן אינעם אינלאַנד, און ס'איז אים געווען אַ כּבֿוד זיי צו באַגעגענען און דרוקן זיי די הענט, סער ערנעסט און זײַנע חבֿרים. ער האָט געענדיקט מיט אַ דראַמאַטישער העוויה:

"אָט די זײַנען גיבורים!"

די אַלע מאַטראָסן דאָרט זײַנען פֿאָרויסגעקומען, פֿײַערלעך אונדז געגעבן די האַנט נאָך דער ריי. אַז דאָס האָבן געזאָגט ברידער־מאַטראָסן, לײַט פֿון אונדזער שטאָף, פֿון אַ גרויסער ים־פֿאָרנדיקער ראַסע ווי די נאָרוועגער, איז דאָס אונדז געווען גאָר אַ גרויסער כּבֿוד, וואָס האָט אונדז שטאָלץ געמאַכט.[310]

[310] Worsley דצ"וו, ז. 216

# דער ראַטוניק פֿון העלפֿאַנד־אינדזל
## דער סוף

[ס'איז געדויערט מער ווי צוויי חדשים ביז שעקלטאָן האָט געקענט צוריקקומען נאָענט צו העלפֿאַנד־אינדזל. ניט צוליב דוחק אין פּרווון. ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענע שיף, האָט ער געדאַרפֿט באָרגן שיפֿן ערשט פֿון די נאָרוועגער, דערנאָך פֿון די אורוגוויִער אין מאָנטע־ווידעאָ, און סוף־כּל־סוף פֿון דער רעגירונג אין טשילע. יעדער מאָל איז דער וועטער געווען זייער שלעכט אָדער דאָס אײַז צו געדיכט (קיינע פֿון די שיפֿן זײַנען ניט געווען אײַז־פֿאַרשטאַרקט).]

מע האָט ניט געקענט געפֿינען אַ טויגעוודיקע שיף. דער וועטער האָט באַוויזן סימנים פֿון פֿאַרבעסערונג, האָב איך זיך געבעטן בײַ דער רעגירונג אין טשילע, זיי זאָלן מיר לאָזן האָבן די *יעלכאָ*[311] אויף אַ לעצטן פּרוּוו צו דערגרייכן דעם אינדזל. זי איז געווען אַ קליינע שטאָלענע דאַמפֿשיף, גאָר ניט פּאַסיק אויף אַרבעט אינעם פּאַק־אײַז, אָבער איך האָב זיי צוגעזאָגט איך וועל אויסמײַדן דאָס אײַז. די רעגירונג איז מרוצה געווען אויף נאָך אַ פּרוּוו און דעם 25סטן אויגוסט בין איך געפֿאָרן אויף דרום אויפֿן פֿערטן פּרוּוו אויף ראַטוניק. דאָס מאָל האָט די השגחה־פּרטית אויף אונדז געשמייכלט. די קליינע דאַמפֿשיף איז גיך אַראָפּגעפֿאָרן אין לפֿי־ערך פֿײַנעם וועטער, האָב איך געפֿונען אַז נאָענט צו העלפֿאַנד־אינדזל איז דאָס אײַז געווען אָפֿן. אַ בורע פֿון דרום האָט געבלאָזן דאָס אײַז צײַטווײַליק אויף צפֿון, האָט די *יעלכאָ* געהאַט אַ געלעגנהייט אַדורכצוקריכן. מיר זײַנען צוגעקומען צום אינדזל אין אַ געדיכטן טומאַן. איך האָב זיך ניט דערוועגט צו וואַרטן ביז עס זאָל זיך דערלײַטערן, און צען אַ זייגער אין דער פֿרי זײַנען מיר פֿאַרבײַגעפֿאָרן אַ פּאָר שטעקן־געבליבענע בערג. מיר האָבן דעמאָלט געזען, אַז דער ים צעברעכט זיך אויף אַ ריף, האָב איך געוווּסט אַז מיר זײַנען פּונקט לעבן דעם אינדזל. ס'איז געווען אַ באַזאָרגטע רגע, ווײַל מיר האָבן נאָך ניט געפֿונען דעם לאַגער און מע האָט ניט געקענט געטרויען, אַז דער פּאַק וועט דערלויבן אַ פֿאַרלענגערט זוכעניש אין געדיכטן וועטער, נאָר באַלד האָט זיך דער טומאַן אויפֿגעהויבן, אַנטפּלעקט די סקאַלעס און גלעטשערס פֿון העלפֿאַנד־אינדזל. איך בין אויף מיזרח געפֿאָרן און 11:40 פֿ"מ האָט וואָרסליס שאַרפֿע אויגן דערזען דעם לאַגער, כּמעט אומזעעוודיק אונטערן דעקל פֿון שניי. די מענטשן אויף דער יבשה האָבן אונדז דערזען אין דער זעלבער רגע און מיר האָבן געזען קליינטשיקע שוואַרצע פֿיגורן צולויפֿן צו דער פּלאַזשע, פֿאָכן ווי אַ סיגנאַל צו אונדז. מיר זײַנען געווען אַן אָנדערהאַלבן מײַל פֿונעם לאַגער. איך האָב געהייסן די *יעלכאָ* זאָל פֿאָרן נעענטער, און מיט אַ

---

[311] the *Yelcho*

האַלבער שעה שפּעטער האָב איך דערגרייכט די פּלאַזשע מיט קרין און אַ פּאָר פֿון די טשילעישע מאַטראָסן. איך האָב באַמערקט אַ קליינעם פֿיגור אויף אַן אינדנבראָך־צעשלאָגענעם שטיין, און דערקענט ווילדען. בין איך נעענטער צוגעקומען, גערופֿן, "איר זײַט אַלע געזונג?", האָט ער געענטפֿערט, "מיר זײַנען אַלע געזונט, שעף,"[312] און דעמאָלט האָב איך דערהערט דרײַ וויוואַטן. ווען איך בין נאָענט געקומען צום שטיין האָב איך געשלײַדערט פּעקלעך פּאַפּיראָסן אויף דער יבשה; זיי זײַנען אויף זיי באַפֿאַלן ווי הונגעריקע טיגערס, האָב איך גוט געוווּסט אַז אויף חדשים האָט מען געחלומט און גערעדט פֿון טאַביקע. עטלעכע פֿון דער מאַנשאַפֿט זײַנען געווען אין גאָר אַ שלעכטער מצבֿ, אָבער ווילד האָט געהאַלטן די פּאַרטיע צוזאַמען, מיט האָפֿענונג נאָך אַלץ אין די האַרצן. ס'איז ניט געווען קיין צײַט פֿאַר נײַעס אָדער ווינטשעוואַניעס. איך בין אַפֿילו ניט געגאַנגען אַרויף אויף דער פּלאַזשע צו זען דעם לאַגער, וואָס ווילד האָט מיך פֿאַרזיכערט איז גאָר פֿאַרבעסערט געוואָרן ווי פֿריִער. שווערע כוואַליעס זײַנען געלאָפֿן און אַ שינוי אינעם ווינט האָט געקענט צוריקברענגען דאָס אײַז צו יעדער צײַט. איך האָב אונטערגעיאָגט די לײַט אויף דער שיף וואָס גיכער, גענומען אויך די רעקאָרדן פֿון דער עקספּעדיציע און די עיקרדיקע טיילן אויסריכט. אַלע זײַנען געווען אויף דער יעלכאָ אין אַ שעה, זײַנען מיר געפֿאָרן אויף צפֿון אַזוי גיך ווי די קליינע דאַמפּשיף האָט געקענט פֿאָרן. דאָס אײַז איז נאָך אַלץ געווען אָפֿן, און גאָרנישט ערגער ווי אַן אויסשפּרייט פֿון שטורעמדיקן ים האָט אונדז צעשיידט פֿונעם ברעג פֿון דרום־אַמעריקע.

[312] אַלע האָבן שעקלעטאָנען גערופֿן "Boss"

# נאָכגעדאַנק

אַזוי ענדיקט זיך די מעשׂה, אַ ווונדערלעכע מעשׂה אַוודאי. אַ דורכפֿאַל אין פּרט פֿונעם אָריגינעלעם ציל, נאָר אַ פּראַקטיקער דורכפֿאַל פֿונדעסטוועגן, וואָס פֿון אים זײַנען אַלע אַרויסגעקומען מיטן לעבן, צוליב דרײַ אמתע נסים. אויב איר ווילט וויסן מער פֿון אָט דער עקספּעדיציע, קען איך שטאַרק רעקאָמענדירן *The Endurance*, פֿון Caroline Alexander, אַ בוך מיט בילדער פֿון פֿראַנק הערלי און אויסצוגן פֿון די עטלעכע טאָגביכלעך וואָס דערציילן די גאַנצע מעשׂה. אַ בעלעטריסטישע איבערדערציילונג פֿון דער גאַנצער מעשׂה ווי אַ ראָמאַן פֿאַר עלטערע קינדער, מיט אויסגעטראַכטן דיאַלאָג, אאַז"וו, וואָס אַלץ שטעלט צו זייער אַ רירנדיק און פּערזענלעך געפֿיל איז *Shackleton’s Stowaway* פֿון Victoria McKernan.

מע זאָל דאָ דערמאָנען אַן אַנדער טייל פֿון דער מעשׂה, וואָס איז ווינציקער באַרימט אָבער וואָס פֿאַרדינט בעסער. אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם אַנטאַרקטיק איז געווען די ראָס־ים־פּאַרטיע[313], וואָס האָבן געזאָלט מאַרשירן אויף דרום, ווו שעקלטאָן האָט בדעה געהאַט אַרויסצוקומען בעת זײַן קווערמאַרש ענדיקט זיך, איבערלאָזן מאַגאַזינען זאַפּאַסן, מחמת ס'איז גאָר ניט געווען מיגלעך, אַז שעקלטאָן זאָל טראָגן עסן און נאַפֿט פֿאַרן גאַנצן גאַנג. וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן, אויך אין גאָר שווערע צושטאַנדן, איז געווען נאָך אַ נס, כאָטש דרײַ פֿון די צען מענטשן זײַנען דאָרט געשטאָרבן. אָבער דאָס איז אַן אַנדער מעשׂה.

---

[313] the Ross Sea party: אָט די מעשׂה קענט איר געפֿינען אין:
Tyler-Lewis, Kelly *The Lost Men: The Harrowing Saga of Shackleton's Ross Sea Party*
Bickel, Lennard *Shackleton's Forgotten Men: The Untold Tale of an Antarctic Tragedy*
Richards, Richard W. *The Ross Sea Shore Party 1914-17*

# כראָנאָלאָגיע

1914:

VII/8 אָפּגעפֿאָרן פֿון ענגלאַנד

XII/5 אָפּגעפֿאָרן פֿון דרום־דזשאָרדזשע; דער לעצטער קאָנטאַקט מיט אַנדערע

1915:

I/18 אַרומגערינגלט, געכאַפּט אינעם אײַז

X/27 אַרויס פֿון דער שיף; זיך געלאַגערט אויפֿן אײַז

XI/21 דער *אויסהאַלט* איז אונטערגעגענגען

1916:

IV/9 אָנהייב פֿון דער שיפֿל־נסיעה קיין העלפֿאַנד־אינדזל

IV/17 צווייטער לאַגער אויף העלפֿאַנד־אינדזל

IV/24 דער *דזשעמז קיירד* איז אָפּגעפֿאָרן

V/10 געלאַנדט אויף דרום־דזשאָרדזשע

V/15 צווייטער לאַגער אויף דרום־דזשאָרדזשע

V/19 הייבט זיך אָן דאָס אַריבערגיין איבער די בערג

V/20 אָנגעקומען בײַ דער סטראָמנעס־וואַלפֿישערײַ

VIII/25 ראַטוניק פֿון די מענטשן אויף העלפֿאַנד־אינדזל